# לייענביכער פאר דער אידישער שול

## דאָס זעקסטע לייענבוך

(יום־טוב)

צוזאמענגעשטעלט פון

י. שטיינבוים

פאָרטרעטן און אילוסטראציעס

פון

ב. ארנסאן און א. גודלמאן

ארויסגעגעבן פון פארלאג „ערציאונג“

ניו יארק — 1925.

הויפטפאַרקויף:

מאקס נ. מייזל, 424 גרענד סטריט, ניו־יאָרק.

ניו־יאָרק.

# דאָס זעקסטע לייענבוך

אינהאַלט :

# לייענביכער פאַר דער אידישער שול

## עטלאַכע באַמערקונגען

1. דאָס איצטיקע לייענבוך, דאָס זעקסטע פון דער סעריע „לייענביכער פאַר דער אידישער שול", איז באַשטימט פאַר דעם דריטן, אָדער פערטן קלאַס אין אַן אָנפאַנג־שול. אין וועלכן יאָר צו באַנוצן דאָס דאָזיקע לייענבוך איז אָפּהענגיק אַן דעם סכום ידיעות, וואָס די קינדער האָבן זיך פריער איינגעשאַפן הן אין דער טעכניק פון לייענען, הן אין פאַרשטיין דאָס פאַרשידנאַרטיקע אידישע לעבן.

2. דאָס איצטיקע לייענבוך באַשטייט דורכויס פון יום־טוב מאַטעריאַלן — לידער און מעשות וועמעס סוזשעטן דרייען זיך אַרום דער, אָדער יענער אַפּסירונג אין פאַרבינדונג מיט וועלכן ס'איז אידישן יום־טוב. דאָס דאָזיקע לייען־מאַטעריאַל באַשטייט ווידער פון צוויי סאָרטן: אַזעלכע לידער און מעשות אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָן דאָס טראַדיציאָנעלע אין די אידישע ימים־טובים און אַזעלכע, וואָס שילדערן די איבערלעבונגען פון קינדער אין פאַרבינדונג מיט זיי. אַ דריטער סאָרט מאַטעריאַל, וואָס איז אָבער דערווייל שוואַך פאַרטראַטן, זיינען עטלאַכע זאַכן אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ די ענדערונג, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין די יום־טובים דאָ אין אַמעריקע.

3. די מאַטעריאַלן פאַר יעדן יום־טוב דאַרפן נאַטירלאַך באַנוצט ווערן אין דער צייט פון דעם געגעבענעם יום־טוב. במילא קומט אויס, אַז דאָס לייענבוך דאַרף באַנוצט ווערן אַ גאַנץ יאָר, ביז דער קלאַס האָט דורכגעמאַכט דעם גאַנצן ציקל יום־טובים. דאָס טאָר אָבער ניט זיין דאָס איינציקע לייען־מאַטעריאַל פאַר אַ דריטן אָדער פערטן יאָר לייענען. גלייכצייטיק דאַרף מען אין קלאַס נוצן

אנדערע זאכן — בעסער פון אלץ, א גאנץ ווערק וואס איז צוגע־פאסט פאר קינדער פון דעם עלטער. עס קענען רעקאמענדירט ווערן איינס פון די פאלגנדיקע ווערק:

א) „יאסעלע", פון דינעזאן.

ב) „דאס ליטווישע אינגל", פון קאצאוויטש.

ג) „אין יענע צייטן", פון יהודה שטיינבערג.

ד) „אן א לשון", פון וו. קאראלענקא.

ה) „אין אמעריקע", פון שלום עליכם.

די ערשטע פיר קאן מען באקומען אין ספעציעלע שול־אויס־גאבן, פארקירצט.

4. עס איז זייער און זייער ווינשנסווערט פאר דעם רעזול־טאט פון דער ארבעט אין אן עלטסטן קלאס, אז אלע טעטיקייטן פון די קינדער, אויף וויפיל דאס איז טעכניש דורכפירבאר, זאלן זיך קאנצענטרירן ארום דעם פראיעקט: אידישע יום־טובים. לייע־נען, הויך און אין זיך לייענען, שרייבן, אויספארשונג פון זיטן און מנהגים, קליידונג און דעקאראציעס, אלץ זאל פארבונדן ווערן מיט דעם ענין. אזא מין פעדאגאגישע פראצעדור וואלט געגעבן די געהעריקע פארזיכערונג, אז די קינדער וועלן אין משך פון יאר זיך גוט איינלעבן אין דעם ענין און וועלן אזוי ארום קענען פאר־שטיין סאי דאס אלטע און סאי דאס נייע אידישע לעבן, וואס איז פארבונדן מיט די יום־טובים.

5. געניטערע אנווייזונגען, ווי צו באנוצן דאס דאזיקע לייענ־בוך, וועלן די לערער געפינען אין דער באזונדערער אויסגאבע מיט'ן נאמען „אנווייזונגען צום זעקסטן לייענבוך".

6. איך וויל דא אויסדריקן מיין טיפסטן דאנק די לערער י. גראמאן און ר. קאץ פאר זייער הילף ביי דער קארעקטור פון בוך און ביים צוזאמענשטעלן דאס ווערטערביכל.

ניו יארק, יוני, 1925.

## ערב שבת

שוין לייגט דער מאַרק, אין איילעניש,
זיין לעצטע שטעל צוזאַמען.
און אין אַ פענסטער, וואו אין גאַס,
צוויי שבת־ליכט שוין פלאַמען.

און דאָ און דאָרט גייט אויף אַ ליכט
און ס׳פלאַמען צענדליק שויבן,
און שטראַלן אין דער גאַס אַריין
מיט פרומען, שטילן גלויבן.

און מיינע לייכטער שימערן,
און מיינע לעפל בליצן,
און מיינע בעכער, גאָלדענע,
מיט פונקען ממש שפּריצן...

אַן אורח וועל איך ברענגען היינט,
אַן אָרמען, פרומען אידן,
אַ פרעמדן, לאַנג שוין נע־ונד,
פון ווייב און קינד געשידן.

ביי אונזער טיש דערמאָנען זיך
וועט ער אַן זיינע ליבע,
און פאַלן וועט ביי אים פון אויג
אַ שווערע טרער, אַ טריבע.

אין אונזער גאָלד׳נעם בעכער וועט
זיין טרער, זיין טריבע, זינקען,

און מיט דעם ווײַן צעמישט וועט ער
דאָס בענקעניש זײַנס טרינקען...

פון ווײַן און טרער באַרוישט, וועט אים
דער שלאָף די ברעמען זוימען;
אויף א ו נ ז ע ר קישן וועט ער זיס
פון זײַנע ליבסטע טרוימען.

טאָ צינד־זשע, אשת־חיל, אָן
די ליכט און בענטש די פלאַמען: —
„געלויבט זײַ גאָט! וואָס איך בין הײַנט
מיט מײַניקע צוזאַמען.“

ה. רויזנבלאַט.



# מיין מאַמעשי

ווי שיין ביסטו, מאַמעשי, פרייטיק צונאַכט,
ווען טרויעריק שטייסטו אַליין ביי די ליכטער!
דיין טרויער פאַרמאָגט אַ באַזונדערע פּראַכט,
די פּראַכט פון די אידישע טרויער־געזיכטער.

אַט נידערט אַראָפּ פון די אויגן אַ טרער
און לייכט אַזוי תמימות׳דיק־ריין, ווי אַ שטערן;
אַך, מאַמעשי, נאָנט איז מיר דאַן דיין באַגער,
עס ברענען מיין האַרץ ביינע הייליקע טרערן.

און דאַן ווען עס ווייזן זיך טרערן ביי דיר,
וואָס פאַלן און קושן דעם טישטוך דעם קלאָרן —
גליט אויף אויפן ראַנד פון די ברעמען ביי מיר
אַן איינזאַמער טראָפּן, אין ליידן געבאָרן.

ווי שיין ביסטו, מאַמעשי, פרייטיק צונאַכט,
ווען טרויעריק בענטשסטו די ליכטער, וואָס שיינען;
עס רוט אויף דיין שטערן אַ הייליקע פּראַכט,
דער אידישער מאַמעס באַהאַלטענע פּיינען.

ל.ניידוס.

## פרייטיק-צו-נאַכט



איך דערמאָן מיך אויף די צייטן פון די ליבע קינדער יאָרן, ווען דער טאַטע האָט נאָך געלעבט, און די גוטע, ליבע מאַמע, און די ברידער, און די שוועסטער, זיינען אַלע אין דער היים; און מיר זיצן ביי דעם גרויסן טיש, דעם לאַנגען, און די מאַמע קוקט מיט ליבשאַפט אויף די קינדער, אויף דעם טאַטן, און איר פנים שיינט פון נחת.

און איך זע דעם טאַטן מיינעם, ווי ער זיצט און ווי ער שפּילט זיך מיט די טראָלדן פון זיין גאַרטל, און די אויגן זיינע ברענען, און די שוואַרצע באָרד, די לאַנגע — וואו־ניט־וואו אַ זילבער־הערל — גלעט ער מיט די פינגער זיינע; און די מאַמע מיט אַ מילדן שבת־שמייכל אויף איר פנים; מיט אַ ברוסט־טוך אויף איר האַרצן, אויף איר קאָפּ — אַ שטערן־טיכל, אויסגעפלאָכטן פון רובינען און פון פּערל, אין אַ בלוי, זיידן קליידל, מיט אַ ברייטן אַטלעס־קאַפּטל.

העל און ליכטיק איז דאָס שטיבל, און דער אַלקער, און דאָס גערטל, און דאָס קליינע, ווייסע הייזל; פון די זיבן חלב־ליכטלאַך, וואָס זיי ברענען שטיל און הייליק מיט אַ געלן,

פרומען שיין. און די דינע פלאַמען־צינגלאַך ציען רואיק, וואַקסן העכער פון מנורה, מיט אַ ציטער, און זיי וויגן זיך אין לופטן. אין דעם טאַטנס זילבער־בעכער גליט, ווי פייער, אונזער רויטער קידוש־וויין.

און איך הער דעם טאַטנס זמירות, און זיין זמר און זיין ניגון קלינגט מיט שמחה׳דיקן טרויער; און מיר, קינדער, העלפן פרייליך מיט דעם טאַטן, און דער זמר ווערט אַלץ העכער, הייסער, שטאַרקער, און עס פייקלט שוין דער טאַטע מיט די פינגער אויף אַ טעצל; און די טעלער, און די מעסער, און די גאָפּלען, און דער בלאַנקער קידוש־בעכער, זינגען דאַכט זיך, מיט דעם זמר.

נאָך די זמירות גייט דער טאַטע צו צום גרויסן אַלמער ספרים, וואָס שטייט זיך אין אַ ווינקל שוין פון לאַנגע, לאַנגע יאָרן, נעמט אַרויס אַ גרויסן ספר, און ער זעצט זיך ביי דער מנורה. און זיין שוואַרצע באָרד, די לאַנגע, שפּרייט זיך אויסעט אויף די בלעטער. ער פאַרטראַכט זיך, ער פאַרקלערט זיך, ברומט אַ ניגון, וועבט אַ חלום. מיר, די קינדער, זיצן אַלע מיט דער מאַמען ביי דעם קאַרשנבוים אין גאָרטן, און דער הימל איז אַ טיפער און אַ בלויער, פון די שטערן פאַלט אַ דינער זילבער־שטויב אויף די ביימער, אויף די יונגע צוקער־שויטן.

שטילער, שטילער, ווערט די וועלט, און דער הימל — טיפער, ברייטער; און די שטערן ברענען העלער; און אַ גוטער, גוטער חלום וויקלט אונזער גאָרטן איין.

י. אַדלער.

# מפטיר



בת גאַנץ פרי, אַז משה מאָטע האָט זיך געפעדערט מיט זיין אינגל צום דאַוונען, איז דער בית-המדרש נאָך געווען כמעט פוסט. ביים האַלב אָפּגעקילטן אויוון, וואו עס האָט געשלאָגן דער טונקעלער קאַל־טער שיין פונם הערבסט-פרימאָרגן, זיינען געזעסן אַ פּאָר פאַרשלאָפענע אידן מיט גלאַנציק-אויסגעוואַשענע פּנימער און האָבן געזאָגט תהילים. מען האָט געטונקט די פינגער אין די מיילער, געשווינט געמישט די בלעטער, און אונטערוועגס געכאַפּט צווישן זיך אַ שמועס. געשמועסט האָט מען פון גערטנער, פון אוגערקעס, פון קרויט, פון קאַרטאָפל, וואָס זיינען היינטיקס יאָר שטאַרק ניט געראָטן און מען איז מיט זיי אין דער ערד! און אין דערזעלבער צייט האָט אַריינ־געשלאָגן דורך די פענסטער דער קאַלטער טונקעלער הערבסט און אויף די ציטערנדיקע שויבן האָט זיך געזיפּט אַ דין דריב־נע רעגנדל.

אין בית-מדרש איז משה-מאָטע מיט זיין אינגל אַריינ־געקומען פּאַוואָליע און פאַרזיכטיק, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך גנב'ענען. און מחמת ביידע זיינען געווען איינגעהויקערטע, נאַסע, און האָבן געציטערט פאַר קעלט, האָבן זיי ביידע אויס־געזען ווי די פאַרוואָגלטע שפּעלאַך, געיאָגטע האַלז און נאַקן, דאָס גרעסערע פאָרוים און דאָס קלענערע פון הינטן. קיינער האָט זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט, זיינען זיי גע־בליבן שטיין אין מיטן בית-המדרש ווי אין דער פרעמד. דאָס

אינגל איז היינט געווען אָנגעטאָן יום־טוב׳דיק: צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט ער אָנגעמאָסטן אויף זיין דין שוואַרץ העלזל אַ פּאַפּירן, ווייס קראַגנדל מיט אַ בלוי שניפּסל.

— טאַטע, דו קאָנסט איצט רעדן מיטן שמש... — האָט דאָס אינגל שטיל געזאָגט צום טאַטן און דאָס האַרץ האָט אים שוין אָנגעהויבן צו קלאַפּן.

— האַ? — האָט משה־מאָטע איבערגעפרעגט און איז געוואָרן אַ צעמישטער. אַ ווײַלע איז ער אַזוי געשטאַנען אין מיטן בית־המדרש, דערנאָך האָט ער געמאַכט האַרץ, פאַר־לייגט די הענט אויף הינטן און פּאַוואָליע צוגעגאַנגען צום בחור שבתי׳ל, וואָס איז געזעסן ביים אויוון אויף אַ ברעג פונם בענקל און פאַר׳חלומ׳ט צוגעהערט וואָס לייט שמועסן. אַקעגן די תהילים־זאָגער איז געשטאַנען גבריאל דער שמש, אַ איד אַ גדלן, טויבלאַך אַביסל אויף איין אויער, מיט אַ לאַנגער, גרויער בעל־הבתי׳שער באָרד. ער האָט אַראָפּגע־קוקט אין אַ גראָבן צעריסענעם „קרבן־מנחה״, געשאָקלט מיט די דיקע ברוגזי׳ע וואָנצעס און גלייכגילטיק געהאַלטן דאָס געזונטע אויער עטוואָס אָנגעבויגן צו די וואָס זיצן ביים אויוון. משה־מאָטע האָט זיך אומבאַמערקט אַוועקגעשטעלט לעבן דעם בחור שבתי׳ל און האָט זיך אויך איינגעהערט צו דעם, וואָס מען שמועסט. דאָס אינגל זיינס האָט פון אים די גאַנ־צע צייט קיין אויג ניט אַראָפּגענומען. ער האָט זיך פאַר־קליבן ערגעץ אין אַ ווינקל פון אָרון־קודש אַ בלייכער, אַן איבערגעשראָקענער, און האָט דאָרטן שטום געציטערט מיט די אַקסלען און מיטן דין שוואַרץ העלזל.

משה־מאַטע האָט געמאַכט אַ פריינדלאַך פּנים און דאָס דאָזיקע פריינדלאַכע פּנים אָנגעשטעלט אויף גבריאל דעם שמש. ער האָט אים אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגן מיט אַ ליבלאַכן קוק, געהאַט דערמיט אַ כוונה צו אונטערקויפן אים. אָבער גבריאל דער שמש איז אַ גדלן און אַ האַרטער איד. די דיקע וואָנצעס האָט ער פּאַמעלאַך געשאָקלט, און אַזוי איז ער געשטאַנען רואיק און קאַלט. ווי נישט אים מיינט מען. נאָר צייטנווייז טראָגט ער צו דאָס געזונטע אויער זיינס צוזאַמען מיט דעם דיקן „קרבן־מנחה" צו די וואָס שמועסן, קנייטשט אָן בייז דעם שטערן און וואַרפט אַריין, מיט רוגזה אויף זיינס אַ וואָרט:

— האַ? הערסטו! האַ? פּש... אַ קליינינקייט! האַ? אָט דאָס טענה איך דאָך! האַ? עט, שטות׳עריען!...

דורך אַזעלכע דבורים איז משה־מאַטע ביי זיך אינגאַנצן אַראָפּגעפאַלן. ער האָט שוין שטאַרק געצווייפלט, צי וועט זיך אים לחלוטין איינגעבן רעדן מיטן שמש פּנים אל פּנים. טראַכטנדיק אָט די ניט־פריילאַכע מחשבות, האָט ער שוין מער נישט געהערט וואָס לייט שמועסן און האָט אָנגעשטעלט די אויגן אויף די טונקעלע פאַרוויינטע שויבן פון די פענס־טער. אַ קאַלטער ווייסער טרויער האָט אַרויסגעקוקט פון אומעטום: פון די לאַנגע־פּוסטע בית־המדרש־בענק, פון דעם קרומען אויסגעדרייטן „האַנט־וואַש", פון דעם איבערגעקערטן קאַסטן מיט „שמות", פון דער פירקאַנטיקער בימה מיט אירע פיר הויכע שטומע, פאַר׳חושכ׳טע זיילן. נאָר וואונדערלאַך איז געווען איין זאַך: וואָס איז איינגעפאַלן אָט די דאָזיקע

פאַרטרויערטע, פאַר'דאגה'טע אידן, וואָס האָבן אָנגעטאָן זייערע שבת'דיקע קאַפּאָטעס און זיך געאיילט אין בית־המדרש אַריין אַזוי פרי? וויבאַלד אַז דאָס קרויט האָט אָוועק־געקוילעט דער האָגל, מיט קאַרטאָפל ליגט מען אין דער ערד, האָלץ איז אין יקרות — און דאָ זיפט זיך נאָך פון דעם קאַלטן הימל אַ דין אָסיענדיק רעגנדל און פּויקט אין די פענסטער און זאָגט אָן די קלאָגעדיקע בשורה, אַז דער ווינטער גייט...

איינער פון תהילים־זאָגער האָט זיך אויפגעהויבן פון בענקל און איז אַרומגעגאַנגען. דער בחור שבתי'ל האָט זיך אָפּגערוקט און געמאַכט אַן אָרט פאַר משה־מאָטען, וואָס האָט זיך באַלד אַוועקגעזעצט און באַדאַנקט פאַר דעם מיט אַ הוסט. אַ ווײַלע האָט משה־מאָטע זיך געשלאָגן מיט דער דעה, דערנאָך האָט ער אַ צווייטן מאָל אַ הוסט געגעבן און זיך אָפּגערופן צום בחור שבתי'ל:

— איך זאָג, הייסט עס, אַקעגן דעם: יקרות... מיינע זאָגט... מיינע, הייסט עס... זאָגט זי: דעם גוי טאָר מען ניט נאָכגעבן. מען גיט אים היינט פאַר אַ האַלב־אַכטל קאַר־טאָפל צוויי גילדן, וויל ער אויף מאָרגן צוויי גילדן מיט צען... אַ גוי איז אַ חזיר... אַזוי זאָגט זי... איך מיין, הייסט עס, מיינע... הע־הע...

שבתי'ל האָט אָפּגעשוויגן און גאָרנישט ניט געזאָגט אויף דעם. אָנשטאָט אַן ענטפער האָט ער עלאַסטיש אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין לופטן, אויסגעדרייט זי איבער זיין איי־גענעם קאָפּ און אַריינגעפאָרן מיט אַלע פינף פינגער טיף צו זיך אין קאָלנער אַריין. משה־מאָטע האָט געקוקט אויף דעם

פון דער זייט מיט אַ שמייכעלע און האָט ווייטער גערעדט:

— איך זאָג אויך אַזוי. זי איז גערעכט. איך מיין, הייסט עס, מיינע, אַ גוי — אויף וואָס דאַרף עס געלט? איך מיין, הייסט עס, צאָלן רבי־געלט, קויפן אַ פּאָר תפילין? ... הע־הע... איך זאָג עס אָקעגן דעם, הייסט עס... נעכטן האָב איך אויסגעגעבן צען גילדן, געקויפט אַ פּאָר תפילין פאַר מיין אינגל, פאַר מיין אַברמ׳צין, הייסט עס...

דאָס האָט שוין דעם בחור שבתי׳ל גענומען. ער האָט אויסגעדרייט צו משה־מאָטען דעם קאָפּ און אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר אויגן:

— שוין בר־מצוה געוואָרן דיין אינגל?

— הע־הע... וואָס האָסטו געמיינט? אודאי! צען זיל־בערנע גילדן געקאָסט אַ פּאָר תפילין... זי וויל נאָך קויפן אַ מפטיר אויך, מיינע, הייסט עס...

משה־מאָטע האָט דערביי אַ וואָרף געטאָן אַ פריילאַכן בליק צו גבריאל דעם שמש. דאָס האָט אָבער ווייניק גע־האָלפן. גבריאל איז געשטאַנען איבער זיין סידור רואיק און טויב ווי פריער, און האָט נאָר געשאָקלט מיט זיינע דיקע ברוגז׳ע וואָנצעס. דערפאַר איז דער בחור שבתי׳ל ניט פאַר־בליבן גלייכגילטיק. ער האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר פאַרוואונ־דערטע אויגן אויף דעם דערשראָקענעם אינגל, וואָס האָט געציטערט אינם ווינקל פון אָרון־קודש, אָנגעצויגן לופט אין די לונגען און אַרויסגעשאָסן:

— אָט דאָס יאָטל איז שוין געוואָרן בר־מצוה! אַזאַ

ציצערוציקל!... אויף מיין ווארט, אלע שנעקעס ווערן גאר בר־מצוה איצט!

אויסגעדריקט הויך זיין פארדרוס, האט דער בחור שבתי'ל תיכף נאך דעם א מאך געטאן מיטן קאפ און בריה'ש ארויסגעזייט דורך זיינע צוויי גרויסע פאדערשע ציין א פלינק דין שפייעלע. דאס האט געמיינט צו זאגן: „פע, נעמען זיך אפעסן דאס הארץ פון אלץ!"...

— הע־הע... — האט משה־מאטע געשמייכלט און גע־וואלט עפעס זאגן, נאר ער האט דערזען, אז דאס בית־המדרש ווערט פולער און פולער מיט מענטשן און גבריאל דער שמש שטייט נאך אלץ אויף זיין ארט א קאלטער, א חשוב'ער, א טויבער. משה־מאטע האט אנגעווארן מוט און איז שטיל אויפגעשטאנען פון אויוון און אוועקגעגאנגען זיך זעצן אויף זיין שטענדיק ארט, הינטער דער בימה.

— טאטע, דו האסט אים ניט געזאגט?... — האט אים זיין אינגל געפרעגט מיט א ציטערנדיק קול.

— אז ער וויל נישט הערן... — האט זיך משה־מאטע פארענטפערט פאר זיין זון. — שפעטער, אז מען וועט פאר־קויפן עליות, וועל איך אים זאגן. דערווייל חזר איבער די הפטורה נאך אמאל.

בשעת'ן דאווענען האבן די אינגלאך זיך ארומגעשטעלט ארום אברמ'צין און גענומען באשאצן דאס פאפירענע קראגנדל מיטן בלויען שניפסל. אברמ'צי אליין איז געווען שטארק אויפגערעגט און צעטראגן. אים האט אפילו נישט געארט די חסרונות אין דעם שניפסל, וואס זיינע חברים האבן

אים אויפגעוואָרפן. משה־מאָטע, וואָס האָט מאָדנע הנאה געהאַט פונם גאַנצן ענין, איז צוגעגאַנגען און זיך אוועקגע־שטעלט אין טלית צווישן חברה אינגלאַך, צוגעלייגט אַן אויער צו זייער שמועס.

— דאָס קאָסט אַ גריוונע... — האָט ער פאַרטיידיקט פאַר זיי דאָס בלויע שניפּסל.

נאָך דער ערשטער שמונה־עשרה האָט אברמ׳צי גענומען דעם חומש און פּאַמעלאַי איבערגע׳חזר׳ט די הפטורה. משה־מאָטע האָט דענסמאָל פאַרבונדן אַ געשפּרעך מיט זיינעם אַ שכן, וואָס זיצט לעבן אים הינטער דער בימה.

— אָט דאָס אינגל מיינס, איך מיין, הייסט עס, אברמ׳צי מיינער... וואָס, וואָס זאָגסטו צו אים? געוואָרן בר־מצוה,



העהע... זי וויל דוקא אַ מפטיר. איך מיין, הייסט עס, מיינע... ער זאָגט דאָך דיר די גאַנצע הפטורה אויסווייניק, ווי אַ וואַסער, אָט דער קליינער!... קויפן אים מפטיר? וואָס זאָגסטו? אַפילו די פּרנסה... אָט אויסגעגעבן אויף תפילין צען זילבערנע גילדן! נאָר זי האָט זיך איינגעשפּאַרט, איך מיין, הייסט עס, מיינע... הא, וואָס מיינסטו?

דער שכן האָט אין דער צייט גראָד געכאַפּט אַ געשמאַק דרימל, דערפילט אַז איינער רעדט צו אים, האָט ער פּאַמעלאַך אויפגעריסן אַ פּאָר פאַרקלעמטע אויגן, פאַרטראָגענע ערגעץ אין אַנדערע עולמות, און האָט אָנגעקוקט משה־מאָטען מאָדנע תמ׳עוואַטע, ווי אַ נישט־היגער, ווי איינער זאָגט: „רעד צו מיר און רעד צו דער וואַנט"...

נאָר אָט איז שוין געקומען די רעכטע צייט. דער שמש האָט אָנגעהויבן פאַרקויפן עליות. משה־מאָטע האָט זיך אוועקגעשטעלט מיטן פּנים צו דער בימה מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, געגרייט זיך צו אַ סכנה און געצופּט זיך מיט ציטערדיקע פינגער דאָס ציגישע בערדל.

אין בית־המדרש טראָגט זיך אום אַ שטילער שבת׳דיקער גערויש, אויסגעמישט מיט פאַרשידענע זאָגעכצן מיט פאַרשידענע נגונים. בעלי־בתים, איינגעוויקלטע אין די טליתים זיצן ביי די שטענדערס, שאָקלען זיך שטיל און מען איז מעביר די סדרה. הינטער דער בימה קלייבן זיך צונויף בחורים און יונגע־לייטלאַך אין שפּאָגל־נייע טליתים, מען שפּאַסט איינס מיטן אַנדערן. גאַבריאל דער שמש שפּרייזט אום שמועסט פריילאַך, מען באַרעדט דעם עולם, מען טרייבט

געלאָסן אויף דער בימה, זינגט אוים מיט אַ געצויגן קול די מקחים פון די עליות, שטעלט זיך אָפּ אין מיטן און באַטראַכט דעם עולם מיט אַ שטרענגען בייזן בליק. ווייבאַלד אָבער ער פּאַקט נאָר אַ וואונק פון איינעם פון די בעלי־בתים, ווערט ביי אים תיכף ליכטיק דאָס פּנים, ער פליט אַראָפּ אין אַן אויגנבליק פון דער בימה, בייגט אָן דאָס געזונטע אויער צום בעל־הבית און סוד'עט זיך און שמייכלט און שאָקלט צו גע־טריי מיטן קאָפּ.

— צוואַ־אַנציק „גראָשיין" אום מאַ־אַפטיר! — האָט אויסגעזונגען דער שמש זיין באַשטענדיק לידל.

משה־מאָטע האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווי אַן אָפּגעבריטער. די קאָמפּאַניע בחורים און יונגעלייטלאַך הינטער דער בימה האָט געוואַקסן. מען האָט זיך אַלע אויפגעשטיקט אַרום משה־מאָטען מיט זיין אינגל, מען האָט עפּעס דערציילט און הויך געלאַכט. משה־מאָטע איז געשטאַנען צווישן זיי אַן איינגע־פרעסטער, אַ רויטער. ער האָט כלומר'שט אויך געשמייכלט און אַלין געצאַפּלט זיך מיט הענט און מיט פיס כדי אַרויס־צוגיין.

— דאָס אינגל מיינס... זעט, טוט אַ טובה... איך האָב אַ אינגל האָב איך... — האָט ער אַלץ געשטאַמלט, נאָר קיינער האָט אים נישט געהערט.

ער האָט פאַרצווייפלט אַראָפּגעלאָזט די הענט, און דאָרטן, אונטן, האָט ער אָנגעטאַפּט מיט די פינגער אַ זודיק פייעריק בעקל. ער האָט זיך איינגעבויגן און דערזען, ווי זיין אינגל שטייט אַ צוגעדריקטער צום בענקל, רייסט

זיך אַלץ אויפהייבן דעם קאָפּ צום טאַטן און ציטערט מיט אַלע אברים, ווי אין פיבער.

— טאַטע... נו־או?...

— דריי־סיק „גראָשיין" אום מאַ־אַפטיר!...

— רב גבריאל!... — האָט משה־מאָטע זיך געבעטן און אויסגעשפּרייט די הענט מיט רחמים צו יענעם אָרט, וואו דער שמש איז געשטאַנען אויף דער בימה. נאָר רב גבריאל האָט זיך דענסטמאָל גראָד אָנגעבויגן פון בימה צו איינעם אַ בעל־הבית און האָט אים עפּעס פאַרטרויט אויפן אויער מיט זייער אַ ליכטיק פּנים.

— זיבעציק „גראָשיין" אום מאַ־אַ־אַפטיר! — האָט דער שמש אויסגעזונגען מיט אַ געפיל פון ניצחון.

—רב גבריאל!!...

— איצט האָט משה־מאָטען זיך אויסגעדאַכט, אַז ער האָט שוין אַביסל אריבערגעכאַפּט די מאָס און האָט אַ צו־הויכן געשריי געטאָן. ער האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן אַ פאַרשולדיקטער, אַ צעטראָגענער.

— צו מיר... צו אונז קוקט ער גאָרניט!... — האָט ער זיך פאַרענטפערט פאַר די יונגעלייט און צעלייגט די הענט.

— ווער? וואָס? — האָט זיך צו אים אַ קער געטאָן איינער אַ צעפּלאָמטער יונגערמאַן מיט פריילאַכע לאַכנדיקע אויגן.

— איך זאָג, הייסט עס... איך האָב אַ אינגל... אַ קינד... האָט זיך אים פאַרוואָלט מפטיר, הייסט עס...

און איצטיקס מאָל האָט זיך משה־מאָטען איינגעגעבן אַרויסצוגיין בשלום פון דער צונויפגעשטיקטער חברה יונגע־לייט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי די טרעפּ פון בימה אַ שרעקעדיקער, אַן אונטערטעניקער, אַלץ געצופּט דאָס צי־גישע בערדל און געגרייט דעם קאָפּ אויף געבן גבריאל דעם שמש דעם נייטיקן וואונק. לעבן אים איז געשטאַנען זיין אינגל, אַ גרייטער, אַ פּאַרטיקער, מיטן חומש אונטער דער האַנט און מיטן ברען אין די מאָגערע צעפלאַמטע בעקלאַך. באַלד האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום אים אַ חברה אינגלאַך און עפּעס שעלמיש געלאַכט און שעלמיש געוואונקען איינע צו די אַנדערע.

— בחורים! צעגאַנגען זאָלט איר ווערן! — האָט אַנ־געשריגן איינער אַן אַלטער איד אויף דער חברה אינגלאַך. פאַרבייגייענדיק האָט דער אַלטער איד אָנגעכאַפּט פאַרן קאָל־נער גראַד אַברמ׳צין און האָט אים אַ שטופּ געגעבן: „גיי, שקאָץ איינער, ער לאָזט זיך נאָך בעטן!"... דאָס אויפגע־רעגטע באַליידיקטע אינגל האָט שיר נישט אויסגעשאָסן מיט אַ געוויין.

דענסטמאָל האָט משה־מאָטע מיט ציטעריקע הענט גע־כאַפּט זיין אינגל און איז מיט אים געשווינט אַרויפגעגאַנגען אויף דער בימה. אויף דער בימה איז ער אָבער באַלד גע־בליבן אָפּהענדיק. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע קוקן אויף אים און וואונדערן זיך... ער האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן און שעמענדיק געשמייכלט צום עולם. באַלד איז ער געפאַלן אויף אַן המצאה: ער איז צוגעגאַנגען צום שולחן

און געוואָלט נעמען די פושקע מיט שמעק־טאַבאַק, כדי צו באַווייזן דעם עולם, אַז די גאַנצע כונה זיינע איז נאָר אַ שמעק־טאַבאַק. אָבער, מעשה שטן, איז זיין האַנט געווען ווי אַ געלעמטע. די פושקע האָט זיך אויסגעגליטשט פון זיינע פינגער און דער גאַנצער טאַבאַק האָט זיך צעשאָטן אויף דעם טישטוך. ביי משה־מאָטען האָבן גענומען פליען פונקען פון די אויגן.

ענדלאַך האָט זיך דער שמש אויף אים אָנגעשטויסן.

— רב גבריאל...

— האַ? — האָט דער שמש אַ געשריי געטאָן בייז און אָנגעבויגן צו אים אויף אַ ווײַלע דאָס געזונטע אויער.

— אָט דאָס אינגל... מיינס אַ אינגל... — האָט משה־מאָטע אַ דערשראָקענער געבאַלעמעטשעט מיט דער צונג און אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף זיין אינגל. — זי האָט געזאָגט, איך מיין, הייסט עס... מיינע, זי האָט געהייסן... למען השם... זי האָט זיך איינגעשפאַרט... דאָס אינגל, הייסט עס... אַ קינד, האָט זיך אים פאַרוואָלט...

— האַ? איך הער נישט!

— זי וועט באַצאָלן, זאָגט זי... מיינע, הייסט עס... נאָך שבת... אַז מען האָט באַצאָלט צען גילדן פאַר תפילין...

אין דערזעלבער מינוט האָט גבריאל דער שמש געפּאַקט אַ וואונק פון איינעם אַ בעל־הבית. ער האָט אַוועקגעוואָרפן משה־מאָטען און תיכף אויסגעזונגען מיטן גרעסטן ניצחון:

— הו־הו־נדערט „גראָשיין" אום מאַ־אַ־אַפטיר! — דער־

נאָך האָט ער אַ פּאַטש געטאָן איבער דעם גראָבן „קרבן־מנחה" — אַ סימן, אַז דער האַנדל איז געקומען צו ענדע. דרייענדיק זיך אַ שטאָלצער, אַ צופרידענער אויף דער בימה, האָט דער שמש זיך ווייטער אָנגעשטויסן אויף משה־מאָטען, וואָס איז געשטאַנען מיט זיין פּלאַטערדיק אינגל, ווי אַ צע־מישטער. ער האָט זיך האַסטיק אַ בייג געטאָן צו אים און אַ געשריי געגעבן:

— האַ? לאָמיך הערן וואָס דאַרפסטו? רעד ווערטער...

י. ד. בערקאָוויטש.



# שלום־בית



יים איז אַ טרעגער.

אַז ער גייט דורך די גאַס, איינגע־הויקערט אונטערן קאַסטן סחורה, זעט מען אים נישט אַרויס; עס דאַכט זיך, אַז דער קאַסטן גייט אַליין אויף צוויי פיס; דאָס שווערע אָטעמען הערט זיך נאָך פון ווייטנס!

דאָך — אָט לייגט ער אָפּ די לאַסט, באַקומט זיינע עט־לאַכע גראָשן; ער גלייכט זיך אויס, אָטעמט שטאַרק אָפּ, בינדט אָפּ די פּאַלעס, ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פון פּנים, גייט גלייך צום ברונעם, טוט אַ פּאָר שלינג וואַסער און לויפט אין אַ הויף אַריין.

ער שטעלט זיך לעבן אַ וואַנט, הייבט אויף דעם ריזן קאָפּ אַזוי, אַז די שפּיץ באָרד מיט דער נאָז, מיט דעם דאַשׂעק פונם היטל, קומען אויס אויף איין שטיי.

ער רופט:

— חנה!

פון אונטערן דאַך עפנט זיך אַ קליין פענסטערל. און אַ קליין ווייבעריש קעפּל אין אַ ווייסן ציפּיק ענטפערט:

— חיים?

דאָס פּאָר־פאָלק קוקט זיך גאַנץ צופרידן אָן; די שכנים זאָגן: זיי קעטשקען זיך. חיים וואַרפט אַרויף זיין פאַרדינסט, איינגעוויקלט אין אַ שטיקל פּאַפּיר. חנה כאַפּט עס אין דער לופט; עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל.

— אַ בריה נפלאה! — מאַכט חיים, און האָט גאָר קיין חשק נישט אַוועקצוגיין.

— גיי, גיי, חיים! — שמייכלט זי, — איך קאָן מיך נישט רירן פון קראַנקן קינד... איך האָב צוגעשטעלט דאָס וויגל צום קוימען... מיט דער האַנט שוים איך און מיטן פוס וויג איך...

— וואָס מאַכט עס, נעבאך?

— בעסער!

— געלויבט איז גאָט! און הענע?

— ביי דער נייטאָרן!

— יאָסל?

— אין חדר.

חיים לאָזט צוריק אַראָפּ די באָרד, גייט אַוועק און הנה קוקט אים נאָך, ביז ער ווערט פאַרשוואונדן.

דאָנערשטיק און פרייטיק דויערט עס לענגער.

וויפיל האָסטו דאָ אינם פּאַפּירל? — פרעגט חנה.

— צוויי און צוואַנציק גראָשן.

— איך האָב מורא, עס איז ווייניק!

— וואָס דאַרפסטו דען, חנה?

— פאַר אַ זעקסער שמירעכץ פאַרן קינד, פאַר עטלאַכע גראָשן ליכט, חלה האָב איך שוין... פלייש אויך, אַנדער־האַלבן פונט... נו — בראַנפן אויף קידוש!... היינט דאַרף מען נאָך עטלאַכע דרענגלאַך!

— דרענגלאַך וועל איך דיר שוין שאַפן, עס מוז זיין אויפ'ן מאַרק.

— דאַרף איך נאָך...

און זי רעכנט אויס, וואָס זי דאַרף נאָך אַלץ אויף שבת. סוף כל סוף בלייבט: אַז מען קאָן קידוש מאַכן איבער חלה, און אַז אָן אַ סך זאַכן איז זיך גאַנץ לייכט צו באַגיין.

דער עיקר איז — בענטש־ליכט, אויך די זאַלב פאַרן קינד!

און פונדעסטוועגן, אַז גאָט העלפט, די קינדער זיינען געזונט, די מעשענע לייכטער — נישט פאַרזעצט, בפרט, אויב עס איז נאָך אַ קוגל — האָט דאָס פאָר־פאָלק גאָר אַ פריילאַכן שבת!

וואָרים חנה איז אַ בריה נפלאה צום קוגל!

שטענדיק פעלט איר עפּעס; דאָ מעל, דאָ אייער, דאָ פעטס, און צום סוף קומט אַרויס אַ פעטער, אַ זיסער, אַ מחיה׳דיקער קוגל! ער צעגייט פשוט אין אַלע אברים.

— דאָס קאָכט דער מלאך, — זאָגט חנה, און שמייכלט פאַר נחת.

— יאָ, אַ מלאך, אַודאי אַ מלאך! — לאַכט חיים, — דו מיינסט, אַז דו ביסט אַ קליינער מלאך, אַז דו האַלטסט אויס פון מיר און פון די קינדער... וויפיל מאָל טוען זיי דיר אָן צרות, איך ווער אַמאָל בייז... נו, איך הער עפּעס אַ קללה פון דיר, ווי אַנדערע ביי די ווייבער? און באשר, דו האָסט אַ סך נחת פון מיר? דו און די קינדער גייען נאַקעט און באָרוועס... צו וואָס טויג איך? נישט צו קידוש, נישט צו הבדלה, איך קען אפילו רעכט קיין זמירות זינגען...

— ביסט פאָרט אַ גוטער טאַטע, און אַ גוטער מאַן! —

האַלט זיך חנה ביים איריקן, — אַזאַ יאָר אויף מיר, און אויף כל ישראל... איך זאָל מיך נאָר עלטערן מיט דיר, רבונו של עולם!

עס ווערט נאָך פריילאַכער ביים טיש.

נאָר נאָכן שלאָף, גייט חיים אין קליינעם שולכל אַריין הערן תורה.

דאָ לערנט אַ מלמד מיטן פראָסטן עולם. עס איז היים, די פּנים׳ער זיינען פאַרשלאָפן; איינער כאַפּט נאָך אַ דרימל, דער צווייטער לאָזט אַרויס אַ הויכן געניץ; נאָר ראַפּטים, ווען עס קומט צום רעכטן אָרט, מען שמועסט פון יענער וועלט, פון גיהנום, ווי מען שמייסט די רשעים מיט אייזערנע ריטער; פון ליכטיקן גן־עדן, וואו די צדיקים זיצן אין גאָל־דענע קרוינען און לערנען תורה... דעמאָלט ווערן אַלע אויפ־געלעבט; די מיילער — אָפן, די פּנים׳ער — רויט... מען הערט זיך איין אין איין אָטעם, וואָס עס וועט זיין אויף יענער וועלט!

חיים שטייט געוויינלאַך ביים אויוון. ער האָט טרערן אין די אויגן. עס ציטערן אים הענט און פיס; ער איז אינ־גאַנצן אויף יענער וועלט!

ער ליידט צוזאַמען מיט די רשעים; באָדט זיך אין הייסער סמאָלע; ער ווערט געוואָרפן אין כף־הקלע, קלייבט שפּענער אין וויסטע וועלדער... אַלץ לעבט ער דורך, און עס באַדעקט אים דער קאַלטער שוויים... פאַר דאָס האָט ער שפּעטער נחת גלייך מיט אַלע צדיקים: דער ליכטיקער גן־עדן, די מלאָכים, דער לויתן, דער שור־הבר, און אַלע גוטע

זאַכן, שטעלן זיך אים פאַר אַזוי לעבעדיק און אַזוי בולט, אַז ווען דער מלמד ענדיקט, גיט אַ קוש און פאַרמאַכט דעם ספר, כאַפּט ער זיך אויף ווי פון אַ חלום, טאַקע, ווי פון יענער וועלט.

— אַך, — כאַפּט ער שווער דעם אָטעם, וואָס ער האָט איינגעהאַלטן ביי דער גאַנצער צייט, — רבונו של עולם! כאַטש אַ שטיקל, כאָטש אַ פּיצל, כאָטש אַ ברעקעניו עולם־הבא... פאַר מיר, פאַר מיין ווייב, און פאַר אַלע מיינע קינדערלאַך!

און דעמאָלט ווערט ער טרויעריק; ער פרעגט זיך: „אומשטיינס געזאָגט, פון וואָס, פאַר וואָס?"...

איינמאָל איז ער נאָכן לערנען צוגעגאַנגען צום מלמד:

— רבי, — זאָגט ער, און זיין קול ציטערט, — גיט מיר אַן עצה, איך זאָל זוכה זיין צו האָבן עולם־הבא!...

— לערן, מיין קינד, תורה! — הערט ער אַ תשובה.

— איך קאָן נישט!

— לערן משניות... עין יעקב... כאָטש פּרק...

— איך קאָן נישט!

— זאָג תהלים!

— איך האָב קיין צייט נישט!

דאַוון ערנסט!

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס איך דאַוון!

דער מלמד קוקט אים אָן מיט רחמנות.

— וואָס ביסטו? — פרעגט ער.

— אַ טרעגער.

— נו, זיי משמש תלמידי־חכמים.

— וואָס הייסט?

— טראָג, למשל, אַלע פאַרנאַכט אין בית־המדרש אַריין
אַ פּאָר קאַנען וואַסער, די לומדים זאָלן האָבן צו טרינקען.

חיים ווערט דערפריים.

— רבי, — האָט ער ווייטער געפרעגט, — און מיין
ווייב?

— אַז דער מאַן זיצט אויף אַ שטול אין גן־עדן, איז דאָס
ווייב זיין פוסבענקעלע.

אַז חיים איז אַהיים געקומען הבדלה מאַכן, איז חנה גע־
זעסן און געזאָגט „גאָט פון אַברהם". אַז ער האָט זי דערזען,
האָט אים עפּעס אַנגעכאַפּט ביים האַרץ.

— ניין, חנה, — פאַלט ער צו צו איר, איך וויל נישט,
דו זאָלסט זיין מיין פוסבענקעלע... איך וועל מיך אַראָפּבייגן
צו דיר, איך וועל דיך אויפהייבן און זעצן דיך לעבן מיר.
מיר וועלן צוזאַמען זיצן אויף איין שטול, ווי אַ צינד... עס
איז אונז אַזוי גוט צוזאַמען... הערסט! חנה, דו מוזט זיצן
מיט מיר אויף איין שטול... דער רבונו של עולם וועט מוזן
באַשטיין!

# גאָט פון אַברהם

אוי, באָבעניו, זאָג נאָך ניט „גאָט פון אַברהם“,
וואָס איז דאָס מיט דיר היינט דער איל?
אין מערב זייט איז נאָך די זון ניט פאַרגאַנגען,
אוי, באָבעניו, וואַרט נאָך אַ ווייל.

צעשטער ניט דעם פרידן פון הייליקן שבת,
די שטילע, די הייליקע רו.
מען זעט נאָך ניט שיינען אין הימל קיין שטערן,
אוי, וואַרט כאָטש אַ רגע'לע צו.

דער „גאָט פון אַברהם“, ער שפּאַנט אונז צוריק איין
אין שווערן טאָג־טעגלאַכן יאָך;
צו שלעפּן דעם גלות, דאָס חדר, דעם רבי'ן,
דעם עול און די דאגות פון וואָך...“

דאָך בלייבט ווי פאַרשטיינערט ביים פענסטער די באָבע,
זי איז צו מיין בעטן, ווי טויב.
„אוי, גאָט פון אַברהם“,—און ס'קייקלט אַראָפּ זיך
אַ טרער אויף דער טונקעלער שויב...

ה. רויזנבלאַט.

## פאַר הבדלה

עס גייט שוין אַוועק זיך
דער הייליקער שבת,
אין שטיבל ווערט פינסטער,
אין שטיבל איז שטיל;
עס שעפּטשעט די מאַמע:
„אַך, גאָט פון אַברהם" —
זי שעפּטשעט די תפילה
מיט האַרץ און געפיל.
„אַך, גאָט פון אַברהם,
פון יצחק, פון יעקב,
פאַרנעם דאָרט מיין תפילה
אין הימלס געצעלט,
און שיק מיר פּרנסה,
און ריכט אויף מיין מזל,
און ליכטיק זאָל ווערן
מיין פינסטערע וועלט."
עס טונקלט דער הימל,
עס ציען זיך וואָלקנס,
אין שטיבל איז פינסטער
און אומעטיק, שטיל — —
נאָר ערגעץ אין ווינקל,
פאַרשטופּט אין אַ שפּאַרע,
דאָרט טשירקעט און טשירקעט
פאַרבאָרגן אַ גריל.

## שבת אין ניו יאָרק

דער פּאָטער קומט פרייטיק פאַרנאַכט
פון פינסטערן שאַפּ אַזוי מיד;
נאָר ס'האָט זיין נשמה דערוואַכט
און זינגט שוין זיין שבת'דיק ליד.

די מוטער, די אָרימע פרוי,
צעקנייטשט פאַר דער צייט דאָס געזיכט,
צעזיפצט זיך: ס'איז שפּעט שוין אַזוי!
און נעמט זיך צום צינדן די ליכט...

די קינדער — דערצויגן שוין דאָ,
פאַרשפּילטע אין „באָל" און אין „פייט",
דערפילן די הערלאַכע שעה,
און ס'קוקן די אויגעלאַך ווייט...

עס שוועבט פאַר די אויגן די היים —
פאַרגעסן, פאַרגעסט זי זיך נישט!
און ס'דאַכט זיך: ס'צעבליט זיך דער בוים
אויף מעדיסאָנס שטיינערנער סטריט...

אברהם רייזען.

# דאָס פּסח׳דיקע געפּעס



איך בין געווען דער איינציקער מאַנסביל אין שטוב, דעריבער איז אויף מיר געפאַלן דער גורל גיין צום טייך טובל׳ען דאָס געפּעס; גיין צום טייך איז דאָך שוין עפּעס אַ שטיקל עסק פאַר אַ בחור׳ל פון זיבן אָדער אַכט יאָר, ווי איך בין דענסטמאָל אַלט געווען. הײַנט בפרט נאָך ערב פּסח טובל׳ען דאָס פּסח׳דיקע געפּעס!

אין דער לופט שמעקט שוין מיט פרילינג, ערטערווייז קוקן אַרויס גרינע קעפּלאַך פון גראָז, עס בלאָזט אַ מחיה׳דיק וואַרים ווינטל, דער טייך איז ניט רואיק, קליינע ריטשקע־לאַך וואַסער פון דעם געוועזענעם שניי, לויפן פון ערגעץ ווייט, פאַלן אַריין מיט אַ ליאַרעם און ווי מיט עפּעס אַ שמחה אין טייך אַרײַן, ווי צו זיך אַהיים נאָך אַ לאַנגען, ווייטן וועג. די זון גלעט דאָס פּנים, ווי מיט אַ געטרייער וואַרימער האַנט, און איך לאָז זיך באַרוועס מיט דעם פּסח׳דיקן געפּעס ניט ווייט פון דעם באָד — דאָרטן, וואו די וואַסער־פירער שעפּן וואַסער פאַר דער שטאָט; דאָרטן, וואו די בעלי עגלות און אַלערליי דורכפאָרער טרינקען אָן זייערע פערד.

איך גיי צום טייך טובל׳ען, אָבער איך בין אינגאַנצן מיט מיין האַרץ, מיט מיינע אַלע געדאַנקען אין דער היים, וואו עס וואַרטן אויף מיר מיינע נייע פּסח׳דיקע שטיוועלאַך, וואָס

שטייען אין אַ ווינקעלע. איך זע זיי נאָך איצטער פאַר די אויגן מיט זייערע געפּאַרבטע פּאַדעשוועס, מיט שיין־אוים־געקלאַפּטע פלעקעלאַך. מיינע געדאַנקען זיינען אין גאַנצן דאָרטן, וואו עס וואַרטן אויף מיר אַזוי פיל גוטע און טייערע זאַכן: אַ ניי קאַפּאָטקעלע, אַ ניי היטעלע און דאָס ליבע טייע־רע געזיכט פון דער מאַמען, וואָס וועט מיך צופרידן און פריי־לאַך באַגעגענען פון דעם טובל'ען דאָס פּסח'דיקע געפעס!

און אַ גליקלאַכער שפּאַן איך און שפּאַן מיט דעם פּסח'־דיקן געפעס צום טייך. פון דער אַרבעט, וואָס איך האָב איצ־טער צו טאָן, בין איך אויך שטאַרק צופרידן. דאָס טובל זיין פּסח'דיק געפעס איז אי אַ מצוה, אי אַ פאַרגעניגן, און איך ווייס ניט, וואָס איז ביי מיר גרעסער: צי די מצוה אָדער דאָס פאַרגעניגן. אָנגעזאָגט האָט מיר די מאַמע צוויי זאַכן: איך זאָל ניט צעברעכן דאָס געפעס און זאָל זיין געהיט ביים טייך, חלילה ניט אַריינפאַלן אין וואַסער אַריין. מילא, פאַר צע־ברעכן דאָס געפעס האָט איך קיין מורא ניט, ווארים דאָס גאַנצע געפעס איז באַשטאַנען פון איין כריניק, — און ווי אַזוי וועל איך נעמען און צעברעכן איין־און־איינציקן כרי־ניק? און מורא האָבן פאַר דעם וואַסער האָב איך אויך ניט ווּאָס, ווארים זייט אונזער טייך איז אַ טייך, איז דאָרט נאָך קיינמאָל קיינער נישט דערטרונקען געוואָרן.

אַחוץ מיר זיינען געווען ביים טייך נאָך אינגלאַך אַזעל־כע ווי איך, קלענערע און גרעסערע, און אויך מיידלאַך מיט געפעס און אָן געפעס. עלטערע מיידלאַך און ווייבלאַך האָבן געוואַשן גרעט ביים טייך, געשטאַנען מיט די באָרוועסע פיס

אין וואַסער און געקלאַפּט מיט דעם פּראַטש איבער דעם נאַסן גרעט־האָלץ לכבוד יום־טוב, אָלץ לכבוד דעם כשר׳ן פּסח.

איך האָב געהאַלטן דעם כריניק ווי אַ טייערע כלי, וואָס מען היט אָפּ ווי דאָס שוואַרץ־אַפּל פון אויג. עמיצער זאָל חלילה וועלן זי ביי מיר אָפּגזל׳ענען, וואָלט איך יענעם די אויגן אויסגעשטאָכן. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אַלע ביים טייך קוקן אויף מיין כריניק און זיינען מיך מקנא.

דער כריניק איז געווען אַ פּראָסטער כריניק, פון גרינעם גלאָז, מיט אַ הענטל און מיט אַ דעקל אויך פון גרינעם גלאָז, און בכלל איז ער געווען אַ גאַנץ געוויינלאַכער כריניק, אין וועלכן מען האַלט אָנגעריבענעם כריין, נאָר ביי מיר אין מיינע אויגן האָט ער געהאַט דעם זיבעטן חן: ערשטנס, דער־פאַר וואָס ער איז אַ נייער; צווייטנס, דערפאַר וואָס ער איז אַ פּסח׳דיקער און דריטנס, דערפאַר וואָס איך דאַרף אים טובל׳ען לכבוד יום־טוב.

אַן אָרט וואו צו טובל׳ען האָב איך אָפּגעזוכט ניט ווייט פון באָד, לעבן אַ גרויסן שטיין, וואָס ליגט דאָרטן מששת ימי בראשית.

ווען איך בין צוגעגאַנגען צום טייך, האָב איך פאַרקאַ־טשעט די הייזלאַך און בין אַריין ביז די קני אין וואַסער אַריין. איך האָב זיך אָנגעבויגן, געמאַכט די ברכה און איינגעטונקען דעם כריניק אין וואַסער, אונטערגעטינקט מיט גרויס כונה און פאָרזיכטיקייט, ווי מען טינקט אונטער אַן איינציק קינד, ווען מען באָדט עס אין מולטער. באַדאַרף זיך אָבער טרעפן

אַקוראַט אַזוי, אַז דער כריניק טוט זיך אַ גליטש און גליטשט זיך אַרויס פון מיינע הענט און... נישטאָ קיין כריניק!...

די ערשטע מינוט בין איך געװען אַזוי מבולבל, אַז איך האָב נישט געװאוסט, װאָס מען טוט. באַלד נאָכדעם איז מיר דורכגעפלויגן אַ געדאַנק, זיך אַ װאָרף צו טאָן אין װאַסער אַריין נאָך דעם כריניק, און דערנאָך געדענק איך שוין אַליין נישט, װאָס מיט מיר איז געװעזן...

איך בין געזעסן אויף דעם גרויסן שטיין, דעם קאָפּ אַראָפּ־געלאָזט צו די קני און האָב געװיינט מיט ביטערע טרערן:

— סטייטש, װאָס װעל איך איצטער טאָן? װאָס װעל איך זאָגן דער מאַמען? װאָס װעל איך זאָגן אין דער היים? אַז איך װעל זאָגן, אַז דער כריניק איז דערטרונקען געװאָרן, װעט מען מיר דען גלייבן? מען װעט אודאי זאָגן, אַז איך האָב אים צעבראָכן, און די מאַמע װעט מיך שלאָגן, װיפיל עס װעט נאָר אין מיר אַריין, און װעט נאָך שרייען אויף מיר: „איך האָב דיר אָבער אָנגעזאָגט זאָלסט נישט צעברעכן! איך האָב געװאוסט פריער, אַז דו װעסט אים צעברעכן!“ אַזוי װעט זאָגן די מאַמע און װעט זיין גערעכט. װאָס פאַר אַ פּנים װעל איך דעמאָלט האָבן אין דעם נייעם קאַפּאָטקעלע מיט די נייע שטיװעלאַך, װאָס שטייען אין װינקעלע, — װיי איז מיר; װיי איז מיר; װיי איז מיר!...

איך האָב זיך צעװיינט, צעכליפּעט, מיינע טרערן האָבן געקאַפּעט אין טייך אַריין און צעמישט זיך מיט דעם װאַסער פון טייך, װאָס האָט ביי מיר צוגענומען מיין טייערן, טייערן פּסח׳דיקן כריניק.

— וואָס ווייניסטו, אינגעלע?

מיט די דאָזיקע ווערטער איז צוגעגאַנגען צו מיר עפּעס אַ מיידל מיט אַ רויט שאַלעכל אויפן קאָפּ. זי האָט זיך אָנגעבויגן צו מיר און געוואָלט מיר אַ קוק טאָן אין פּנים אַריין זען, וואָס איך וויין. איך האָב זיך צעכליפּעט נאָך שטאַרקער און האָב איר לאַנג, לאַנג נישט געקאָנט ענטפערן קיין וואָרט. האָט זי מיך אָנגענומען ביי די אַקסלען און מיט אַ פריינדלאַכער שטימע געפרעגט:

— זאָג, וואָס ווייניסטו, טאָמער קאָן איך דיר העלפן?

איך האָב אויפגעהויבן די אויגן און האָב דערזען פאַר זיך אַ שיין, ליכטיק פּנים מיט גוטע אויגן און האָב קוים געקאָנט אַרויסרעדן:

— דער כרי... כרי... כריניק!...

— וואָס פאַר אַ כריניק? — פרעגט זיך דאָס שיינע מיידל מיט די גוטע אויגן.

דאָ האָב איך זיך ווידער צעוויינט און נישט געקאָנט רעדן.

דאָס מיידל האָט אָפּנים פאַרשטאַנען, אַז איך האָב עפּעס געמוזט האָבן אַ גרויסן שאָדן, האָט זי מיך גענומען טרייסטן מיט אַזעלכע גוטע ווערטער און מיט אַזאַ זיס קול, וואָס איך וועל נישט פאַרגעסן מיין גאַנץ לעבן.

— וויין נישט, נאַרעלע, דער טאַטע און די מאַמע וועלן דיר גאָרנישט טאָן; עס גייט אַזאַ יום-טוב, אם-ירצה-השם צום סדר וועסטו פרעגן די פיר קשיות, וועסטו טרינקען זיסן וויין; וועסטו עסן גוטע קניידלאַך...

און נאָך אַ סך, אַ סך גוטע, זיסע מחיה׳דיקע ווערטער האָט מיר דאָס שיינע מיידל מיט דעם רויטן שאַלעכל אַריינ־געגאָסן גלייך אין האַרצן אַריין. אירע ווערטער האָבן מיך געהיילט און זיינען געוועזן אַ דערקוויקעניש פאַר מיין פאַר־ביטערט האַרץ. זי האָט מיר דעם כריניק נישט צוריקגעגעבן, זי האָט מיך נישט אויסגעהיילט, נאָר זי האָט פאַרגרינגערט, פאַרקלענערט מיינע יסורים.

מ. ספעקטאָר.



# אָרימע מצה



עלף אזייגער ביינאכט. ביי חיים לייבעס אין פּאָדריאַד, וואו אַ גאַנצן טאָג רוישט און טומלט, איז געוואָרן שטילער. די וועלגערינס, מיידלאַך און יונגע ווייבלאַך, פילן זיך זייער מיד און האָבן קיין כוח ניט צווישן זיך צו רעדן. אַפילו חיה־ביילע, דאָס יונגע, פריילאַכע ווייבל, וואָס זינגט אַ גאַנצן טאָג לידער, איז אויך שטיל, נאָר פאַר זיך אונטער דער נאָז ברומט זי דאָס לידל:

„זיי־זשע געזונט, מיין געטרייע מוטער,
איך פאָר שוין פון דיר אַוועק"...

ווען ניט דאָס קלאַפּן פון די קאַטשעלקעס איבער די ברעטער, דאָס סקריפּען פון רעדל איבערן בלעך, וואָלט זיך געדאַכט, אַז זיי שלאָפן אַלע שטייענדיק, אַזוי מיד און אָנגעמאַטערט זעען זיי אויס. עפּטערס נאָר רייסט זיך אַרויס אַ געשריי פון אַ מידער וועלגערן אויף דער קנעטערן: „פאַר שטייפט זיך, מען קען דאָך ניט וועלגערן!" אויף וואָס די קנעטערן ענטפערט אַזוי ווי פון אונטער דער ערד: „גיי דו

צום בעקן, וועסטו וויסן, ווי צו פאַרשטייפן זיך! אויף מײנע שונאים געזאָגט געוואָרן מיין כוח״...

און עס ווערן ווידער אַלע אַנטשוויגן.

און אַז די שטילקייט דויערט צו לאַנג און די מידקייט ווערט שווערער, הייבט אָן אין פּאָדריאַד צו רוישן:

— איך פּאַל פון די פּיס, אויף נאמנות, — קלאָגט זיך איין וועלגערן פאַר דער צווייטער.

— און איך האָב שוין קיין הענט ניט, — ענטפערט איר די צווייטע קרעכצנדיק, — אָט דאָ אין די דאַלאָניעס שטעכט מיר ווי מיט נאָדלען, קוים וואָס איך ריר אָן די קאָטשלקע.

אַ דריטע וועלגערן פאַרציילט הויך, מיט אַ שטימע פון צאָרן, אַז ביי עשקע ביינושעס האָט מען שוין מיט אַ שעה צוריק געענדיקט. דאָס ווירקט זייער שלעכט אויף די וועל־גערנס און דער גאַנצער פּאָדריאַד, אויסער דער קנעטערן און דעם זעצער, צעבונטעוועט זיך מיט אַ געפּילדער:

— ווען וועט מען שוין גיין אַהיים? אין אַלע פּאָדריאַדן האָט מען שוין לאַנג געענדיקט, נאָר אויף אונז איז עפּעס אַן אויסגאָס, ערגער ווי אומעטום!

דער זעצער, — אַ הויכער, דאַרער איד, מיט אַ שפּיציק בערדל, מיט אַ פאַרפלאָמט פּנים, אויף וועלכן עס שטייען גרויסע טראָפּנס שוויים, לויפט צו צום בלעך, קלאַפּט אָן מיטן שטעקן און צעבייזערט זיך:

— מצה, מצה! אַ ליידיקער אויוון! וואָס האָט איר זיך צע׳דרשנ׳ט! דער טאָג איז אייך ווייניק?

אויף זיין געשריי לויפט אַריין פון אַ זייטיק חדרל די

באַלעבאָסטע, אַ נידעריקע פרוי מיט אַ געקנייטשט פינסטער פּנים, מיט גוטע שוואַרצע אויגן, און הייבט זיך אָן בעטן ביי די וועלגערינס:

— באַלד, קינדערלאַך, באַלד! פאַראַן נאָך אפשר זעקס „מיירעס" אין זעקל.

— שיינע זעקס! — קלינגט אויס פון ערגעץ אַ ווינקל אַ יונג קינדיש קעלכל. דאָס איז דער „שיטער" אַליין. ווער ווייס נאָך אַזוי ווי ער, פיל „מיירעס" עס זיינען נאָך דאָ! ער הייבט אויף מיט זיינע דאַרע הענטלאַך דאָס זעקל און איז זיך משער, אַז עס וועט נאָך זיין שטאַרקע צען „מיירעס".

די וועלגערנס צעשרייען זיך ווייטער, נאָר דער זעצער בייזערט זיך און מיטן שטעקן קלאַפּט ער איבערן בלעך:

— מצה, מצה! עס קילט דער אויוון!

פאַרפאַלן, ענדיקן מוז מען! עס איז ווידער שטיל גע־וואָרן. נאָר אַמאָל פלעגט אַ וועלגערן אַרויסלאָזן אַ קרעכץ, אָנכאַפּנדיק זיך דאָ פאַרן האַרצן, דאָ פאַר דער זייט. און ווי־דער דאָס זעלבע קלאַפּן מיט די קאָטשעלקעס איבער די ברע־טער, דאָס סקריפּען מיטן רעדל איבערן בלעך... און די צייט ציט זיך אַזוי לאַנג...

נאָר אָט קריכט אַרויס די קנעטערן פון איר „ווינקל", מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל און מיט גרויסע טראָפּנס שוויס אויפן פאַרמעטן פּנים, פריילאַך הייבט זי אויף אין דער הייך די „מיירע", ווי זי וואָלט ווייזן די וועלגערנס אַזאַ מין אַנ־טיקל, וואָס זיי האָבן קיינמאָל דאָ ניט געזען. מיט אַ הייזע־ריק קול, דאָך גענוג הויך, רופט זי אויס:

די לעצטע „מיירע״!

— די לעצטע „מיירע״! — קלינגט עס איבערן פּאַד־ריאַד. און אַלע וועלגערנס צעכאַפּן די טייגלאַך פון דעם טיי־לערס האַנט מיט שמחה, אויסזינגנדיק: באַלד, באַלד, באַלד!

„באַלד!״ „באַלד!״ קלינגט אָפּ ביי יעדערער אין קאָפּ.

דער רעדלער, וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צייט ביים בלעך מרה־שחורה׳דיק, האָט זיך אוועקגעשטעלט מיט אַ קו־ראַזש צו דער אַרבעט. קונציק וואַרפט ער איבער יעדע מצה אויף דער קאַטשעלקע און ער נעמט זיך געשווינט אָפּצורעד־לען די פיל אָנגעקליבענע מצה אויפן בלעך.

דערהערט, אַז עס איז שוין די לעצטע מיירע, אַרט אים גאָרנישט. דאָס וואָרט „באַלד״ קלינגט אים אויך פריילאַך אין קאָפּ, און פלינק קנאַקט דאָס רעדל איבערן בלעך, און אים דאַכט זיך, אַז עס שרייט: גזז׳באַלד, גזז׳באַלד, גזז׳באַלד!...

דער זעצער גיט אַ קלאַפּ מיטן שטעקן איבער די ברע־טער:

— מצה, מצה! שטייט ניט, רעדט ניט!

נאָר איצט לאַכט מען אים שוין אויס! אַ פּאָר וועלגערנס האָבן שוין אָפּגעשיקט די לעצטע מצות צום רעדלער, מיט עפּעס אַ אינגעלע, וואָס האָט זיך, גאָט ווייס צוליב וואָס, דאָ אַ גאַנצן אָוונט אַרומגעדרייט; די איבעריקע וועלגערנס אַרפּן נאָך פאַרגלייכן די שפּיצן פון די מצות, וואָס זיינען ביי י אַרויסגעקומען פון גרויס איילעניש.

און אָט איז שוין געענדיקט! די קנעטערן ווישט שוין דעם בעקן, דער רעדלער האַלט שוין ביי דער לעצטער מצה,

איבער וועלכער זיין האַנט פליט ווי אַ וויכער אונטער דער ווילדער סקריפּעריי... דער זעצער וואַרט אויף איר מיט אומגעדולד, כאַפּט זי ענדלאַך אַרויף אויפן שטעקן און מאַרש אין אויוון, וואו עס טריקענען זיך נאָך אַ צוויי לעצטע מצות.

די וועלגערנס ווישן זיך דעם שוויים און קלייבן זיך שוין אַוועקצוגיין.

— אַי, וועל איך דאָס אַ פאַל טאָן גלייך אין בעט אַריין!

— זאָגט איין וועלגערן צו דער צווייטער:

— „און וועטשערע"? — פרעגט יענע.

— ווער האָט כוח צו עסן? איך וועל זיך אַפילו ניט אויסטאָן. — גלייך אין בעט.

— איך ווייס ניט, צי וואָלט איך געקענט פאַנאַנדערוועלגערן נאָך איין טייגל, — מישט זיך אַריין אַ דריטע אין שמועס, — אַזוי מאַט בין איך!

— נו, קומט שוין, קומט שוין! טרייבט צו אַ פערטע. — פּסח, אם-ירצה-השם, וועלן מיר שמועסן.

— אוי, ווי דערלעבט מען שוין פּסח! — האָט זיך איינע צעזיפצט.

— מען וועט, נישקשה, דערלעבן. אַ לעבעדיקער דערלעבט אַלץ! — טרייסט דאָס פריילאַכע ווייבל.

נאָר פלוצים איז אין פּאַדריאַד אַ טומל געוואָרן.

די באַלעבאָסטע איז אַרויס פון דעם זייטיקן חדר׳ל און האָט אַרויסגעזאָגט עטלאַכע ווערטער מיט אַ געבעט, כמעט מיט טרערן, נאָר אין פּאַדריאַד האָבן זיי יעדערן ווי מיט אַ דונער געטראָפן.

— נאָך אַ פּוד, נאָך אַ פּוד! אוי ווײ, אוי ווײ! — האָבן זיך געהערט קולות. — וואָס שטייען מיר, קומט אַוועק!

נאָר די באַלבעאָסטע האָט זיי מיט בײדע הענט פאַר-צוימט דעם וועג און האָט ווייטער זיך געבעטן:

— איר ווייסט, דאַכט זיך, קינדערלאַך, אַז איך יאָג זיך ניט אַזוי נאָך דער פּרנסה, און אַז עמיצער וואָלט מיר איצט געגעבן פאַר אַ פּוד הונדערט רובל, וואָלט איך זיך ניט גע-שטעלט באַקן און מוטשען אײך. נאָר דעם פּוד מוז מען אָפּ-באַקן. איך וועל פאַר אים אַ גראָשן ניט נעמען, דאָס איז כיענע דער אַלמנהס. שוין אַ וואָך, אַז איר זעקל מעל וואַל-גערט זיך דאָ און איך לייג אַלץ אָפּ, עס איז אַלץ דאָ ביל-כערע, רייכערע, זאָל גאָט ניט שטראָפן פאַר די רייד... איצט איז שוין אָבער די לעצטע צוויי טעג, מער קען איך שוין ניט אָפּלייגן, זי קען נאָך חלילה אָן מצה בלייבן. איר קענט דאָך זי — אַמאָל איז זי אַ פיינע באַלעבאָסטע געווען, זי פלעגט זיין ביי מיר פון די ערשטע און שטענדיק אויפן ערשטן אויזן. פאַר די וועלגערנס פלעגט זי איבערלאָזן אַ רובל, היינט דעם רעדלער, דעם זעצער, דער קנעטערן... דאָס איז געווען אַ ביסל אַ „בעל צדקה“!... איך ווייס ניט, פאַרוואָס האָט זי גאָט אַזוי געשטראָפט... איצטער קען זי אפילו פאַרן באַקן ניט באַצאָלן. זי מוז נעבאַך באַקן שפּעט ביינאַכט, אַז אָך און ווײ, ווי די מצות וועלן שוין טויגן — פלעצלאַך!... נאָר אַבי קיין חמץ ניט!... האָט רחמנות, קינדערלאַך, רוט אײך אָפּ אַביסל און לאָמיר זיך נעמען אָפּבאַקן איר די מצות. גאָט וועט אײך געבן כוח... נו, איז וואָס זאָגט איר?... האָט די

באַלעבאָסטע ווי פאַרצווייפלט אויסגעלאָזן איר בקשה, זע־
ענדיק די מידע און פאַרמאַטערטע פּנימער.

— אוי, רבונו־של־עולם! — האָט זיך אַרויסגעריסן ביי
יעדערן אַ שווערער זיפץ, אַנשטאָט אַן ענטפער.

אַ שווערע מלחמה איז ביי זיי אינעווייניק פאָרגעקומען.
נאָר איין אָרימע אלמנה מיט פאַרוויינטע אויגן האָט ביי זיך
גיך שלום געמאַכט, און דאָס פריילאַכע ווייבל, חיה־ביילע,
האָט די ערשטע אויסגעשריען:

— איך בלייב די ערשטע!

— איך אויך! — האָט זיך געהערט אַ צווייטע שטימע.

און איך אויך! — האָט אַ דריטע אויסגערופן.

— נו, מען וועט שוין אַלע בלייבן, — האָט אַ פערטע
געענטפערט פאַר אַלע איבעריקע, ווי זי וואָלט געווען זיכער,
אַז קיינער וועט ניט האָבן די העזה זיך אָפּצוזאָגן.

— אָבער איר וועט רעדלען! — האָט זיך ענדלאַך איין
רעדלער געפונען אַ פּראָטעסטירער, — איך האָב קיין כוח
ניט צו שטיין דאָ ביז צוויי אַזייגער. איך האָב שוין קיין פינ־
גער ניט, און מיין העלפער שלאָפט שוין אין דער היים, ווי אַ
גע׳הרג׳עטער.

— נו, זייט ניט קיין שייגעץ! — האָט זיך דער זעצער
האַלב ערנסט, האַלב שמייכלענדיק געבייזערט, — דו וועסט
לאָזן אַן אַלמנה אָן מצה? שייגעץ!...

— שייגעץ!... שייגעץ! — האָט דער רעדלער נאָכ־
געקרימט און האָט זיך אָוועקגעזעצט ביים בלעך. די קנע־
טערן איז שטיל געזעסן אויפן בענקל, וואו דער אַלמנהס מעל

איז שוין געשטאַנען, און האָט דערויף ווי פאַרצווייפלט גע־
קוקט; זי האָט ניט געוואוסט, ווי צו באַגיין זיך דאָ: אָפּזאָגן
זיך, האָט זי ניט געקאָנט — אַ קלייניקייט, אַן אַלמנה! עס
איז אַ ביטערער רחמנות. נאָר בלייבן האָט זי מורא געהאַט
נאָך מער, ווי אַוועקצוגיין. איר האָט זיך ניט געגלויבט, אַז
זי זאָל קאָנען אָפּשטיין ביים באַקן נאָך אַ שעה. איר האָט זיך
געדאַכט, אַז ביי דער ערשטער „מיירע" וועט זי פאַלן.

— איך וועל געווים פאַלן — האָט זי שטיל געשעפּ־
טשעט.

דאָס פריילאַכע ווייבל האָט באַמערקט דער קנעטערנס
טויט־בלייכן פּנים און זי האָט מיט אַ ליבלאַכער מינע אויס־
גערופן:

— איי, אונזער קנעטערן איז גאָר אַ באָבע. זי איז שוין
גאָר צוגעשטאַנען! גייט אייך געזונטערהייט אַהיים שלאָפן,
איך וועל פאַר אייך קנעטן — איך בין מער בריה.

אַלע אין פּאַדריאַד זיינען פריילאַכער געוואָרן און יע־
דערער פון זיי האָט דערשפּירט עפּעס נייע כחות.

און באַלד האָט מען זיך גענומען צו דער אַלמנהס מצה.
לעבעדיק און לוסטיק איז צוגעגאַנגען די אַרבעט. דאָס פריי־
לאַכע ווייבל איז געווען זייער צופרידן מיט איר נייער שטעלע
און האָט ביי יעדער „מיירע" שמייכלענדיק געפרעגט די וועל־
גערנס:

— נו, וואָס זאָגט איר? אויף וואָס אַלע פּלעגן איר אין
איין קול ענטפערן: „בעסער פאַר דער קנעטערן".

דער רעדלער מיט אַ פֿאַרשלאָפֿענעם פּאַפּיראָס אין מויל, האָט געיאָגט איין מצה נאָך דער צווייטער.

און דער זעצער, ניט קוקנדיק, וואָס ער האָט שטענדיק אַ פֿולן אויוון מיט מצה, האָט אַלץ געקלאַפּט מיטן שטעקן איבערן בלעך:

— מצה, מצה, אַ ליידיקער אויוון!...

און די באַלעבאָסטע, וואָס איז געשטאַנען ביים ברעט און גלייך מיט די וועלגערנס געוועלגערט, האָט זיך אַלץ געבעטן:

— דינער, דינער! קינדערלאַך, מאַכט ניט קיין פֿלעצלאַך! עס איז אָרימע מצה! אַ רחמנות!...

אברהם רייזען.



# אַ פאַרשטערטער פסח



ב ישראל! רב ישראל? זייט זשע מוחל! איר קאָנט זיך אונטערנעמען, ס'זאָל זיין פאַרטיק דעם קינדס מלבו־שים'לאַך אויף יום־טוב?

אזוי שרייט די מאַמע צו ישראל דעם שניידער מיט אַלע כחות, מחמת ער איז טויב, ווי די וואַנט.

ישראל, אַ הויכער איד מיט אַ לאַנג פנים און מיט וואַטע אין די אויערן, טוט אַ האַלבן שמייכל און אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: „פאַרוואָס זאָל ניט זיין פאַרטיק?"...

— נעמט זשע אים, זייט מוחל, אַראָפּ די מאָס, נאָר מיט אַ תנאי, אויב עס קאָן זיין פאַרטיק אויף פסח.

ישראל דער טויבער טוט אַ קוק אויף דער מאַמע, ווי איינער רעדט: „אַ מאָדנע אידענע! דאַכט זיך, גענוג אַז מען זאָגט איין מאָל?"... און ער שלעפּט אַרויס פון בוזים־קעשענע אַ לאַנגע פּאַפּירענע מאָס מיט אַ גרויסער ענגלישער שער און שטעלט מיך אַוועק און הייבט מיך אָן אויסצומעסטן אין דער לענג און אין דער ברייט, און די מאַמע שטייט ביי דער זייט און קאָמאַנדעוועט:

— לענגער, נאָך לענגער!... ברייטער, נאָך ברייטער!... למען־השם, די הייזלאַך ניט פאַרשמעלן!... און דאָס קאַפּאָטקעלע זאָל זיין מיט אַ „פאַלבאָס"!... אויף עט־לאַכע פינגער!... נאָך, נאָך אַ ביסעלע!... אָט אזוי...

אין סטאַן זאָל חס־ושלום ניט זיין קורץ!... בעל־הבת׳יש...
נאָך, נאָך!... זשאַלעוועט ניט קיין מאַטעריע, וואָרים אַ
קינד וואַקסט!...

ישראל דער שניידער ווייס אַליין גאַנץ גוט, אַז „אַ קינד וואַקסט", ענטפערט ער נישט דאָס אַנדערע וואָרט און טוט זיך זיינס. אויסגעמאָסטן מיר אַלע אברים, טוט ער מיך אַ שטופּ אָפּ פון זיך, ווי איינער רעדט: „קאָנסט גיין, ביסט פריי!... מיר ווילט זיך זייער, אַז דאָס קאַפּאָטקעלע זאָל זיין הינטן מיט אַ שפּאַלט און מיט אַ קעשענע, נאָך דער „היינטיקער מאָדע", נאָר איך ווייס ניט, צו וועמען זאָל איך מיך ווענדן. ישראל דער טויבער דרייט צונויף די מאָס אויף צוויי פינגער און רעדט בשעת־מעשה צו דער מאַמע האַלבע ווערטער:

— אַ שווערער פאַר־פּסח!. . גרויסע בלאָטעס!...
פיש — יקרות!... קאַרטאָפליעס — מיט גאָלד! אייער —
ניט אַ לעק!... אַרבעט — געשלאָגן!... נייע מלבושים —
לא!... לאַטעס און לאַטעס און לאַטעס!... אַז רב יהושע
הערש קאָן שוין הייסן איבערניצעווען אַן אַלטן פּאַליטאָ...
רב יהושע־הערש אַליין!... יאָרן!... האַ?... עק
וועלט!...

די מאַמע ווערט דערפון ווינציק וואָס נתפעל. זי שלאָגט אים איבער אין מיטן:

— וויפיל וועט איר זיך הייסן, אַ שטייגער, אָנמעסטן אָרום און אַרום פאַר דער אַרבעט, רב ישראל?

ישראל דער טויבער נעמט אַרויס פון זשילעט אַ ביינערן

ראָזשיקל, בייגט אוים דעם גראָבן פינגער פון דער לינקער האַנט, אַזוי אַז עס ווערט אַ גריבל, שיט ער אָן אין גריבל אַריין אַ בערגעלע טאַבעקע, טראָגט דאָס צו פּאַוואָלינקע צו דער נאָז און שלעפּט אַריין דאָס בערגעלע טאַבעקע אַזוי קונציק, אַז עס פאַלט ניט קיין סימן אַפילו אויף די וואָנצעס. נאָכדעם טוט ער אַ מאַך מיט דער האַנט און אַ זאָג:

— עט, וואָס איז שייך, מיר וועלן זיך ניט קריגן... איר פאַרשטייט אַ מעשה? רב יהושע הערש!... איבערניצעוועון אַן אַלטע פּאַליטאָ!... געוואַלד געשריגן!...

— געדענקט זשע, רב ישראל, וואָס איך בעט אייך: ניט שמאָל, און ניט קורץ, און אַ „פּאַלבאָם", און דער סטאָן — גראָם און „פּראָסטאַרנע"...

— און אַ שפּאַלט? — וויל איך מיך אַריינמישן אין מיטן.

— שטיל, לאָז אויסרעדן אַ וואָרט! — זאָגט די מאַמע און דערלאַנגט מיר מיטן עלנבויגן אין זייט אַריין. — געדענקט זשע נאָכאַמאָל: ניט קורץ, און ניט שמאָל, און דאָס סטאָנדל, און אַ פּאַלבאָם... למען־השם, אַ פּאַלבאָם!...

— און אַ קעשענע?... — פּרואוו איך מיך נאָכאַמאָל.

— וועסט ניט אַנשטומט ווערן? — זאָגט צו מיר די מאַמע, — האָסטו געזען אַ קינד זאָל האָבן אַ טבע זיך אַריינמישן בשעת עלטערע רעדן!...

ישראל דער טויבער נעמט דאָס פּעקל סחורה אונטער דער האַנט, טוט אַ שמיר די מזוזה מיט צוויי פינגער און אַ זאָג פון דער טיר:

— ווילט איר, הייסט דאָס, דוקא ס׳זאָל זיין אויף פּסח ?...
אַ גוטן יום־טוב.

ב.

— אָ, אָט איז רב גדליה ! מען זאָל דערמאָנען משיח׳ן !... איך האָב נאָר וואָס אין זינען געהאַט צו שיקן צו אייך נאָכ־אַמאָל !

גדליה איז אַ איד אַ שוסטער, אַן אויסגעדינטער סאָל־דאַט, פון פאַרנט אָן ציין, מיט אַ גרויס קיילעכיק בערדל, וואָס מען דערקענט, אַז אַמאָל, שוין לאַנג, איז דאָס געווען אין מיטן אויסגעגאָלט.

— רב גדליה ! — מאַכט צו אים די מאַמע, — זאָגט נאָר, איר וועט זיך קאָנען אונטערנעמען אויפנייען דעם קינד אַ פּאָר שטיוועלאַך אויף פּסח ?

גדליה דער שוסטער איז אַ פריילאַך אידל, וואָס בשעת ער רעדט כאַפּט ער אַ טענצל.

— איר ווילט דוקא אויף פּסח ! — מאַכט ער צו דער מאַמע, — ס׳איז דיר אַן אַנטיק ! איטלאַכער וויל אויף פּסח ! היה׳לע רב מאָטלם האָב איך צוגעזאָגט אויף פּסח צוויי פּאָר באַטיקלאַך, פאַר איר און פאַר דער טאָכטער, — מוז מען איר מאַכן ... יוסעלע רב שימעלעס האָט באַשטעלט ביי מיר פיר פּאָר שטיוועלאַך אויף פּסח — מוז מען מאַכן ... היינט פייגעלע רב אברהמלס האָב איך שוין לאַנג צוגעזאָגט אַ פּאָר באַטיקעס ; עס זאָלן פאַלן שטיינער פונם הימל — וועט זיך ניט העלפן ! היינט אסנה דער אַלמנהס מיידל האָט זיך צו מיר צוגעטשעפּעט, איך זאָל איר, למען השם ...

— הכלל, — שלאָגט אים איבער די מאַמע, — לאָמיך' הערן ווערטער: קאָנט איר, הייסט דאָס, נישט אונטערנעמען זיך, ס׳זאָל זיין פּאַרטיק אויף פּסח? שיק איך נאָך אַן אַנדערן שוסטער...

— פאַר וואָס זאָל איך ניט קאָנען? — זאָגט גדליה מיט אַ טענצל, — צוליב אייך לייג איך אַוועק אַלע אַנדערע אַר־בעט — און אייערע שטיוועלאַך מוזן, אם ירצה השם, זיין אויף פּסח; ס׳איז עפּעס אַ תירוץ?

און גדליה דער שוסטער קראַצט אוים אַ שטיקל בלוי פּאַפּיר, שטעלט זיך אַוועק אויף אַ קני און נעמט מיר אַ מאָס.

— לאָזט צו: נאָך אַ קאַפּעטשקע, — זאָגט די מאַמע, — נאָך, נאָך... וואָס זשאַלעוועט איר אַ שטיקל לעדער?... אָט אַזוי... ס׳זאָל אים חלילה ניט קוועטשן אין די פינ־גער!...

— קוועטשן אין די פינגער, — זאָגט איר נאָך גדליה.

— לעדער זאָלט איר געבן, רב גדליה, פונם בעסטן. איר הערט? נישט קיין פוילן!

— פוילן, — זאָגט איר נאָך גדליה.

— פּאָדעשוועס זאָלט איר לייגן גוטע, זיי זאָלן ניט אָפּ־רייבן זיך.

— אָפּרייבן זיך, — זאָגט נאָך גדליה.

— און די אָפּצאַסן זאָלן חלילה ניט אָפּשפּרינגען.

— אָפּשפּרינגען, — זאָגט נאָך גדליה.

— איצט קאָנסטו גיין אין חדר אַריין, — זאָגט די מאַ־מע, — דו זעסט כאָטש, ווי מען בּרענגט זיך אוים פאַר דיי־

געטוועגן? זאָלסט כאַטש וועלן לערנען, וועסטו זיין אַ מענטש, אַניט — וואָס וועט פון דיר זיין? אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, אַ הינטשלעגער!...

איך וויים נאָך אַליין ניט, וואָס עס וועט פון מיר זיין. אַ מענטש, אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, אָדער אַ הינטשלעגער? איך וויים נאָר, אַז אין דער רגע ווילט זיך מיר זויער-זייער, אַז די שטיוועלאַך זאָלן מיר סקריפּען. אוי, ווילט זיך מיר סקריפּקעס!...

— וואָס ביסטו געבליבן שטיין ווי אַ ליימענער גולם?

— רופט זיך אָן צו מיר די מאַמע, — פאַרוואָס גייסטו ניט אין חדר אריין? גיי, מען וועט שוין מער נישט געבן גאָר-נישט!

גדליה דער שוסטער לאָזט זיך גיין און קערט זיך אום צוריק.

— ווילט איר, הייסט דאָס דוקא אויף פּסח? — זאָגט גדליה. — אַ גוטן יום-טוב!...

גייענדיק פונם חדר אַהיים, כאַפּ איך מיך אריין קודם כל צום שניידער מכוח דעם שפּאָלט און מכוח דער קעשענע.

ביי אַ גרויסן טיש שטייט ישראל דער טויבער אָן אַ קאַ-פּאָטע, מיט אַ ברייטן טלית-קטן, פאַרטיפט אין דער אַר-בעט; אויפן האַלז עטלאַכע לאַנגע פעדעם. אין זשילעט עט-לאַכע נאָדלען. ער צייכנט מיט אַ קריידל, שערט מיט אַ שער, און רעדט צו זיך אַליין האַלבע ווערטער, ווי זיין שטייגער איז:

— „פאַלבאַמעס" מאַך זיי... גראַם זאָל זיי זיין...

„פראַסטאַרנע"... פון וואָס ?... מען שניידט זיך די פינ־גער... קוים, קוים... ווי מיט קרעפּל־פלייש...

— וואָס וועסטו זאָגן אינגעלע ? — זאָגט צו מיר ישראל.

— אַ שפּאַלט, — זאָג איך.

— הא ? — מאַכט ישראל און בייגט זיך צו מיר מיטן אויער.

— אַ שפּאַלט ! — שריי איך צו אים הויך, ער זאָל דער־הערן.

— אַ שפּאַלט ?

— אַ שפּאַלט !

— וואו אַ שפּאַלט ?

— פון הינטן.

— וואָס פון הינטן ?

— אַ שפּאַלט ! מיט אַ קעשענע !

— וואָס פאַר שפּאַלטן ? וואָס פאַר קעשענעס ? — מישט זיך אַריין בתיה די שניידערן, אַ קליין ווייבעלע, וואָס זיצט און טוט דריי אַרבעטן מיט אַמאָל: מיט אַ פוס וויגט זי דאָס קינד, מיט די הענט אַרבעט זי אַ זאָק און מיטן מויל רעדט זי און בייזערט זיך: — נאַ דיר גאָר שפּאַלטן ! נאַ דיר גאָר קעשענעס ! וואו האָסטו אויף קעשענעס ? ער וויל קעשע־נעס ? לאָז אים די מאַמע געבן אויף קעשענעס, וועט ער האָבן האָבן קעשענעס ! נאַ דיר גאָר קעשענעס !...

איך האָב שוין חרטה אויף דער גאַנצער מעשה. עס זאָל כאָטש ניט אָנקומען צו דעם מאַמען !

— ווילסטו, הייסט עס, ס'זאָל זיין דוקא מיט אַ שפּאַלט ?

— מאַכט צו מיר ישראל דער שניידער און נעמט אַרויס דאָס ראַזשיקל מיט טאַבעקע. — גיי, אינגעלע, אַהיים, סע וועט זיין אַ שפּאַלט.

— און מיט אַ קעשענע? — זאָג איך צו אים און מאַך פאַר אים אַ רחמנות־פּנים.

— גיי, אינגעלע, אַהיים, — מאַכט צו מיר ישראל, — איך וועל שוין זען, ס׳זאָל זיין אַלצדינג...

איך נעם די פּיס אויף די פּלייצעס און לויף אַוועק פון דאָרטן מיט אַ שמחה צו גדליה דעם שוסטער מכות סקריפּ־קעס אין די שטיוועלאַך.

גדליה דעם שוסטער טרעף איך ניט אין דער היים. ביים וואַרשטאַט זיצט איין אַרבעטער, קאַרפּע, איבער אַן אויס־געגלעטער פאָדעשווע.

קאַרפּע איז אַ געזונטער, אַ ברייטביינערדיקער שייגעץ, מיט אַ געשטופּלט פּנים, מיט אַ לעדערן רייפל אויף די שוואַרצע, האַרטע האָר.

— וואָס דו, אינגעלע, ווילסט? — מאַכט ער צו מיר אויף אידיש. — מודה אני, פריידי מאַני, טאַטעלע־מאַמעלע, אַ געב אים אַ גענזעלע... זאָג, וואָס דו ווילסט?

— כאַזשאַיען! — ענטפער איך אים אויף רוסיש, — יאַ אַטשעם כאַטיל אימעט דאַ וואַש כאַזשאַיען גדליה! (איך האָב זייער געדאַרפט האָבן צו אייער בעל־הבית גדליה.).

— בעל־הבית געגאַנגען אַ ברית, מאַך אַ קידוש, טרונקט אַ בראָנפן, — מאַכט צו מיר קאַרפּע ווידער אויף אידיש, און

בכדי איך זאָל פאַרשטיין אַקוראַט וואָס ער מיינט, טוט ער זיך אַ שנעל מיטן פינגער איבערן האַלז.

איך זעץ מיך אַוועק אַקעגן אויף אַ לעדערן בענקל און לאָז מיך אַריין מיט קאַרפּען אין אַ ברייטן שמועס מכוח לעדער, מכוח שטיוול, פּאָדעשוועס, פלעקלאַך, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז איך קום אַרויף אויף סקריפּקעס. ער רעדט אויף אידיש, און איך אויף רוסיש. פאַרשטייט ער ניט, וואָס איך רעד, מאַך איך צו אים מיט די הענט:

— וואָס איז דער שכל, — זאָג איך צו אים אויף אידיש, — וואָס איז דער טעם פון סקריפּקעס? וואָס לייגט איר אַזעלכעס אין שטיוועלאַך, זיי זאָלן סקריפּען?

— אַ? סקריפּקי? — מאַכט קאַרפּע. — אַ שטיוועלע סקריפּען דאַרף מען אַ צוקער.

— פּשוט, — זאָג איך — צוקער? וואָס איז דער שכל.

— אַ צוקער? — זאָגט קאַרפּע און גיט מיר צו פאַרשטיין דעם שכל: — אַ צוקער קלאַפּ-קלאַפּ, סקריפּ-סקריפּ...

— אהא? מאַך איך צו אים. — דעם צוקער מסתמא צעקלאַפּט מען, טרישטשעט ער. נו, און ווייטער לייגט מען ניט אַריין גאָרניט?

— אַ בראָנפן, — מאַכט קאַרפּע, — אַ ביסנעם בראָנפן.

— בראָנפן? — זאָג איך. — וואָדקי הייסט דאָס? זאַטשעם וואָדקי? מילא סאַכער — סקריפּ-סקריפּ; אָבער וואָדקי? נאַטשאָ טאָבי וואָדקי?

קאַרפּע מוטשעט זיך און גיט מיר צו פאַרשטיין, און דוקא אויף אידיש, דעם שכל, אויף וואָס מען באַדאַרף האָבן

בראָנפּן. איידער מען לייגט אַריין, זאָגט ער, אין די שטיווע־לאַך דעם צוקער, מוז ער פריער די פּאָדעשווע גוט באַשפּריצן מיט בראָנפן, אַניט, נעמט זיך ניט צו גוט דער צוקער.

איך עפן־אויף דאָס בייטעלע און גיב־אָפּ קאַרפּען מיין גאַנץ פאַרמעגן: דאָס גאַנצע חנוכה־געלט, מיטן שלח־מנות־געלט, און געזעגן זיך אָפּ מיט אים גאָר פריינדלאַך, און קאַר־פּע רוקט מיר אַריין אַ גרויסע, שוואַרצע האַנט, אויסגע־שמירט מיט סמאָלע, און זאָגט מיר אָפּ אויף גיך: „מודה אני, פריידי מאַני, טאַטעלע־מאַמעלע, אַ געב אים אַ גענזעלע"...

איך לויף אַהיים איבערבייסן, און פון דאָרט — צוריק אין חדר אַריין זיך באַרימען פאַר אַלע אינגלאַך וואָס פאַר אַ מין מלבושים'לאַך' מען נייט מיר אויף פּסח: אַ קאַפּאָטקעלע פון הינטן מיט אַ שפּאַלט און מיט אַ קעשענע! און שטיוועלאַך מיט סקריפּקעס! מיט סקריפּקעס! סקריפּקעס!..

## ד.

— מאַמע איך בין פריי! — קום איך צו לויפן אַהיים אַ פּאָר טעג פאַר פּסח און זאָג איר אָן אַ בשורה, אַז מען האָט אונז צעלאָזט פונם חדר.

— אַ גדולה אויף דער באָבע! זאָלסט דערלעבן אָנזאָגן בעסערע בשורות! — ענטפערט די מאַמע, וואָס איז פאַרטאָ־רעראָמט מיטן פּסח! זי האָט אונטערגעבונדן ביידע דינסטן מיט ווייסע פאַטשיילעס און געגעבן זיי בערשטלאַך, בעזעמס מיט פלעדערווישן אין די הענט אַריין, און אַליין האָט זי זיך אויך אונטערגעבונדן מיט אַ ווייסער פאַטשיילע, און אַלע דריי רייניקן און שמירן, וואַשן און רייבן, שייערן און כשר'ן

אויף פסח. איך קאָן מיר קיין אָרט נישט געפינען, וואו איך זעץ זיך און וואו איך גיי און וואו איך שטיי — איז שלעכט.

— אַוועק מיט די חמצ'דיקע מלבושים פון דער פסח־דיקער שאַפע! — טוט די מאַמע אויף מיר אַ געשריי מיט אַזאַ אימפּעט גלייך, ווי איך וואָלט געגאַנגען מיט פייער אַרום פולווער.

— פּאַוואָליע, אַט טרעטסטו אָן אויף אַ פּסח'דיקן זאַק!

— אַהינצו זאָלסטו גאָר אַפילו ניט קוקן, — דאָרטן שטייט דער פסח'יקער באַרשט!...

איך דריי מיך אַרום פון איין אָרט אינם אַנדערן, פּלאָנ־טער מיך אונטער די פיס. איך כאַפּ אַ שטורך, אַ זעץ, אַ שלײ־דער.

— מאַמע, — זאָג איך — איך קען שוין די פיר קשיות אויף אויסווייניק!

— אַ גדולה! — זאָגט די מאַמע, — קאָסט קאָרג געלט, קאָסטו?...

קוים מיט צרות דערלעבט דעם אויפדערנאַכט, וואָס דער טאַטע גייט אַרום מיט אַ ליכטל, מיט אַ הילצערנעם לעפל און מיט אַ פלעדערוויש און איז בודק חמץ, און איך העלף אים זוכן די שטיקלאַך ברויט, וואָס ער אַליין טאַקע האָט זיי צוגעגרייט אויף אַלע פענסטער... סך־הכל איין מעת־לעת, — טראַכט איך מיר — נאָך איין נאַכט און איין טאָג — און איך וועל מיך אָנטאָן יום־טוב'דיק, ווי אַ פּרינץ, אַ נײ קאַ־פּאָטקעלע מיט אַ שפּאַלט און מיט אַ קעשענע פון הינטן, און די שטיוועלאַך וועלן סקריפּען!...

— לייען אָפּ קריאת־שמע, — זאָגט צו מיר די מאַמע, — און גיי לייג זיך שלאָפן. היינט עסט מען נישט קיין וועטשע־רע: ס׳איז ערב פּסח...

ה.

ערב פּסח. דער טאַטע וואַרפט אַריין דעם הילצערנעם לעפל מיטן פלעדערוויש אין אויוון אַריין און פאַרברענט דעם חמץ... אין שטוב ווערט פּסח׳יק... אומעטום איז ריין, אומעטום איז כשר... דער טיש איז גרייט... די אַרבע כוסות שמייכלען צו מיר פון דער ווייטן... אָט־אָט, נאָך אַ שעה, נאָך אַ שעה וועט ווערן פּסח... אָט־אָט, נאָך אַ שעה, נאָך אַ שעה, וועל איך מיך אָנטאָן יום־טוב׳דיק... נאָר ביז דער שניידער מיטן שוסטער וועלן מיר ברענגען מיין יום־טוב׳דיקן אָנטאָן מאַכט מיך דערוויילע די מאַמע פּסח׳יק: זי צוואָגט מיר אוים דאָס קעפל מיט היים־זודיק וואַסער און מיט אַ געלעכל פון אַן איי. זי קעמט מיך און רייסט מיר די האָר; קנייטש איך זיך, שענקט זי מיר אַלע מאָל אַ שטורך מיטן עלנבויגן, אָדער אַ פּאַטש:

— דו וועסט ניט אויפהערן דרייען זיך, ווי אַ וואָרים?.. אַ קינד זאָל ניט קאָנען איינשטיין! מען טוט אים גוטס, איז ער נאָך ניט צופרידן!...

איבערגעקומען, ברוך־השם, דאָס צוואָגן אויך, זיץ איך מיר אין העמדל ביים טיש און וואַרט אויף מיינע נייע מלבושימ׳לאַך און באַטראַכט דעם טאַטן, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פונם מרחץ מיט נאַסע פּאות נאָך. ער זיצט איבער

אַ גראָבן ספר און לערנט שטילערהייט מיט אַ ניגון פון דער גמרא און שאָקלט זיך.

איך קוק אויפן טאַטן, און עס מאָלט זיך מיר אויס, אַז נאָך אַזאַ איין ערלאַכער איד, ווי דער טאַטע, איז נישטאָ אויף דער וועלט, אַז נאָך אַזאַ כשר׳ער פסח, ווי ביי אונז, איז ניטאָ אין ערגעץ, אַז נאָך אַזעלכע מלבושים׳לאַך, ווי ביי מיר, וועט ניט זיין ביי קיינעם! נאָר למאי ברענגט מען זיי נאָך ניט? וואָס איז די מעשה? טאָמער זיינען זיי חלילה ניט פאַרטיק אויף פסח — דאָס וויל איך גאַרנישט נעמען אויפן קאָפּ! ווי אַזוי וועל איך גיין אין שול אַריין? וואָס וועלן זאָגן מיינע חברים? ווי אַזוי וועל איך מיך זעצן צום סדר? די שעה זאָל גאָר ניט זיין, איך וועל דאָס גאָר ניט איבערטראָגן!...

אַזוי ווי איך זיץ פאַרטיפט אין די טרויערדיקע מחשבות, עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין ישראל דער שניידער מיט דער אַרבעט. פאַר גרויס שמחה כאַפּ איך מיך אויף, טו אַ שפּרונג און אַ פאַל מיטן בענקל אינאיינעם, שיר ניט געבראָכן האַלז און נאַקן. לויפט אַריין די מאַמע פון קיך מיט אַ פּסח׳דיקן שמאַלץ-לעפל אין האַנט.

— וואָס האָט דאָ אַזאַ קלאַפּ געגעבן, וואָס? ווער איז דאָס געפאַלן, ווער? ס׳איז דו, ברענען זאָלסטו ניט אויפן פייער? אַ רוח, אַ שד, ניט קיין קינד! האָסטו זיך, חלילה, ניט אַ זעץ געטאָן ערגעץ, חלילה? אַ מצוה אויף דיר! לויף ניט, שפּרינג ניט! גיי ווי אַ מענטש!

און צו ישראל׳ן זאָגט זי:

— איר האלט ווארט, רבי ישראל! און איך האב שוין געוואלט שיקן נאך אייך!

ישראל טוט א שמייכל און א מאך מיט דער האנט, ווי איינער רעדט: „א שיינע מעשה, כ'לעבן! איך זאל נאך ניט האלטן קיין ווארט?“

די מאמע לייגט אוועק דעם שמאלץ-לעפל און העלפט מיר ארייננקריכן אין די נייע הייזלאך אריין, טוט מיר אן דאס ציצענע ארבע-כנפות'ל, וואס זי אליין האט מיר אויפגענייט אויף פסח, און פון אויבן טוט זי מיר אן דאס קאפאטקע'לע, און איז צופרידן, וואס ס'איז געגנוג גראס און „פראסטאר-נע“....

איך טו מיר א טאפ פון הינטן — א צרה, א שלאק: נישטא קיין סימן פון קיין שפאלט און פון קיין קעשענע! פארנייט, גלאט און גאנץ, ארום און ארום!...

— וואס איז דאס פאר א קישקע? — רופט זיך אן פלוצים די מאמע צו ישראל דעם טויבן און דרייט מיך אויף אלע זייטן.

ישראל דער טויבער נעמט ארויס דאס ראזשיקל, בייגט אוים דעם פינגער, שיט־אן א בערגעלע טאבאקע און ציט אריין אין נאז אריין.

— וואס איז דאס פאר א קישקע? — זאגט די מאמע נאכאמאל און טוט מיך א דריי.

— וואו האט איר א קישקע? — זאגט ישראל, און טוט מיך א דריי צוריק. — דאס איז דער „פאלבאס“. איר האט דאך געבעטן א „פאלבאס“ זאל זיין. איר האט שוין פארגעסן?

— אַ שיינער פּאַלבאַם! — זאָגט די מאַמע און טוט מיך אַ דריי. — אַ בייזע, וויסטע חלשות! פע, אַ בזיון! כ׳לעבן, אַ בזיון!

ישראל פּאַלט חם ושלום, ביי זיך ניט אַראָפּ; ער באַטראַכט מיך פון אויבן ביז אַראָפּ, ווי אַ פּראָפעסאָר, און זאָגט, אַז עס ליגט אויסגעצייכנט גוט, מען באַדאַרף גאָר ניט בעסער; „אַזאַ איין אַרבעט מאַכט מען ניט אַפילו אין פּאַריזש! דאָס קאַפּאָטקעלע זינגט, ווי איך בין אַ איד, סע זינגט!“...

— געפעלט דיר דאָס זינגען, וואָס סע זינגט? — זאָגט די מאַמע און פירט מיך צום טאַטן. — וואָס זאָגסטו אויף דעם געזאַנג?

דער טאַטע דרייט מיך אויף אַלע זייטן, באַטראַכט דאָס קאַפּאָטקעלע און געפינט, אַז די הייזלאַך זיינען יאָ אַביסל צו לענגלאַך...

ישראל נעמט אַרויס דאָס ראַזשיקל און איז מכבד דעם טאַטן מיט אַ שמעק טאַבעקע.

— צו לענגלאַך די הויזן, רב ישראל!

— האַ?... וואָס?... לענגלאַך, זאָגט איר? ווייסט איר ניט וואָס מען טוט? פאַרקאַטשעט מען זיי.

— זענט איר אפשר אויך גערעכט. — זאָגט דער טאַטע.

— וואָס זשע טוט מען אָבער, אַז זיי זיינען אַביסל צו ברייט, ווייזן אוים ווי צוויי זעק?

— אַ חסרון די כלה איז צו שיין! — מאַכט ישראל און ציט אַריין אַ בערגעלע טאַבעקע אין נאָז אַריין. — ברייט, זאָגט איר? שמאָל איז ערגער, טויזנט מאָל ערגער!...

איך הער נישט אויף צו טאַפּן זיך פון הינטן: איך זוך דעם שפּאַלט מיט דער קעשענע.

— וואָס זוכסטו דאָרטן? — זאָגט צו מיר די מאַמע. — דעם נעכטיקן טאָג?

„אַלטער ליגנער! — טראַכט איך מיר און קוק אויף ישׂראל׳ן, ווי אַ גזלן. — טויבער לאָך!“

— פאַרניץ געזונט! — זאָגט צו מיר ישׂראל דער טויבער און צערעכנט זיך פאַר דער אַרבעט, און דער טאַטע נעמט זיך צוריק צום שלחן־ערוך.

— טראָג געזונט! — זאָגט צו מיר די מאַמע, אַז ישׂראל דער שניידער גייט אַוועק, און זי הערט זיך ניט אויף צו שפּיגלען אין מיין קאַפּאָטקעלע. — דו זאָלסט זיך נאָר ניט אָנהייבן מיט קיין קונדייסים, ניט שלאָגן זיך מיט קיין שקצים, וועסטו דאָס, אם ירצה השם, טראָגן און טראָגן, אַבי געזונט!...

### ג.

— אָט איז רב גדליה אויך! — זאָגט די מאַמע. — מען זאָל דערמאָנען משיח׳ן... פאַרטיק דעם קינדס שטיוועלאָך?

— נאָך אַ מין פאַרטיק! — זאָגט גדליה דער שוסטער מיט אַ טענצל און טראָגט די אויסגעפּוצטע שטיוועלאָך אויף אַ פינגער, ווי מען טראָגט אויף אַ שטענגל פרישע צאַפּלדיקע פיש, נאָר־וואָס געכאַפּט אין טייך. — ס׳איז דיר נאָך אַן אַקציע מיט זיי!... די גאַנצע וועלט וויל אויף פּסח זאָל זיין פאַרטיק! איך האָב געאַרבעט מיט דער גאַל, באַדאַי נישט

געשלאָפן א נאַכט!... איך, אַז איך גיב אַ וואָרט, מעג דו־זירן און בליצן!...

די מאַמע מעסט מיר אָן די שטיוועלאַך, טאַפּט מיך אָן און קוועטשט מיך און פרעגט מיך, צו פיל איך ניט חס־וחלילה, אַז עס זאָל מיך ערגיץ קוועטשן?

— קוועטשן? — זאָגט גדליה, — מיר דאַכט, אַז אין די שטיוועלאַך קאָנען אריין נאָך אַ פּאָר פיסלאַך, ווי ביי אייער זון.

— אַנו, שטעל זיך אַקאָרשט אַנידער אויף דער ערד! — זאָגט די מאַמע.

איך שטעל זיך אַנידער און קוועטש די פּאָדעשוועס, איך וויל הערן, ווי זיי סקריפּען — ווער? וואָס? וועמען? קיין פּיפּס הערט מען פון זיי ניט!...

— וואָס קוועטשסטו אַזוי? — זאָגט די מאַמע, — האָב צייט, דאָס יאָר איז נאָך געגוג גרויס! איך בין דיר ערב, אַז דו וועסט זיי, אם ירצה השם, צערייסן ביז איבער אַ יאָר פּסח!... אַצינד גיי זיך דורך מיטן טאַטן צו יחיאל דעם קירזשנער, וועט מען דיר אויסקלייבן אַ קאַשקעטל אויף יום־טוב; נאָר פּאַוואָליע די שטיוועלאַך! קלאַפּ ניט אַזוי מיט די פּאָדעשוועס, זיי זיינען ניט פון אייזן!...

יחיאל דער קירזשנער זיצט די אַנדערע שטוב פון אונז. מיר כאַפּן זיך אַריין דורכן הויף צו אים אין קלייט אַריין.

— ברוך הבא, אַ שכן, ס׳קאַצל קומט! — מאַכט צו אונז יחיאל דער קירזשנער גאָר פריינדלאַך. — פּאַר וועמען ווילט

איר דאָס אַ קאַשקעט אויף פּסח? פאַר זיך אַליין טאַקע, צו פאַר אייער אינגל?

— פאַר מיין זון, — זאָגט דער טאַטע מיט גדלות. — נאָר איר זאָלט מיר ווייזן עפּעס רעכטס. עפּעס אַזעלכעס... איר פאַרשטייט?...

— דהיינו? — פרעגט יחיאל און קוקט אויף די פּאָליצעס.

— דהיינו, — זאָגט דער טאַטע און ווייזט אים אויף די הענט — ס'זאָל זיין אי פיין, אי שיין, אי גוט, אי וואָלוול, אי אַזוי... איר פאַרשטייט?

— האָב איך פון אייערטוועגן פונקט דאָס, וואָס איר באַדאַרפט! — מאַכט יחיאל און טוט אַ כאַפּ פון דער פּאָליצע עטלאַכע היטלאַך מיט אַמאָל, און איטלאַכס היטעלע, בשעת ער טוט דאָס אַ נעם אויף דער האַנט, טוט זיך דאָס ביי אים אַ דריי אַליין פון זיך, עפּעס טאַקע נאָר ווי דורך כשוף!... אַלע מינוט מעסט ער מיר אָן אַן אַנדער היטעלע, טרעט אָפּ אויף אַ האַלבן אַרשין, טוט מיר אַ קוק אין פּנים אַליין מיט אַ שמייכעלע און אַ זאָג צום טאַטן:

— לאָמיר האָבן אַזאַ יאָר, ווי סע פּאַסט אים! האַ? ווי געפעלט אייך אַ היטעלע? שוין איין מאָל אַ היטעלע!

— ניין, רב יחיאל, נישט דאָס מיין איך! — זאָגט דער טאַטע און ווייזט אים אויף די פינגער. — איך וואָלט וועלן אַ מין קאַשקעטל אַזעלכעס, ס'זאָל זיין, איר פאַרשטייט, אַ מין אידיש טאַקע, נאָר מיט דער מאָדע, אָן צאַצקעס, בעל-בעל-הבית'יש, און און און... איר פאַרשטייט?

— זאָגט זשע אַזוי! — מאַכט יחיאל און כאַפּט אַראָפּ

מיט אַ לאַנגען שטעקן פון דער אויבערשטער פּאָליצע אַ קאַש־קעטל, אַ האַלב קיילאַכיקס, אַ קאָלירנדיקס, מיט קעסטעלאַך, מיט אַ ווייך דאַשעקל, און טראָגט דאָס צו אויף איין פינגער, און עס דרייט זיך ביי אים גיך גיך, ווי אַ מילכל... פּאַוואָלינ־קע טוט ער דאָס מיר אָן אויפן שפּיץ קאָפּ, קוים וואָס ער רירט זיך צו, גלייך ווי מיין קאָפּ וואָלט געווען פון דין גלאָז און ער האָט מורא, ער זאָל זיך ניט צעברעכן, און ער ווינטשט זיך אַזאַ יאָר, אַזאַ מזל, ווי דאָס קאַשקעטל פּאַסט מיר! ס׳איז מער נישטאָ ביי אים, זאָגט ער, ווי דאָס איינס, ער זאָל אַזוי ריין זיין פון שלעכטס!... דער טאַטע דינגט זיך מיט אים לאַנג, לאַנג; יחיאל שווערט זיך, אַז נאָר צוליב אונז גיט ער דאָס אַוועק אַזוי וואָלוול, כמעט אונטערן קרן, ער זאָל אַזוי האָבן אַ כשר׳ן פּסח און אַלדאָס גוטס!...

איך זע, אַז דעם טאַטן איז דאָס קאַשקעטל זייער שטאַרק געפעלן, מחמת ער גייט צו אַלע מאָל, שפּיגלט זיך אין דעם, טוט מיר אַ גלעט די פּאה׳לאַך...

— ער זאָל כאָטש איבערטראָגן דעם זומער. — זאָגט דער טאַטע.

— צוויי זומערן! — זאָגט יחיאל און שפּרינגט אונטער צום טאַטן. — דריי זומערן! אַזאַ יאָר אויף מיר, וואָס פאַר אַ קאַשקעטל דאָס איז! פאַרניץ געזונט!...

ביז איך קום אַריין אין שטוב אַריין איז שוין דאָס קאַש־קעטל ביי מיר אויף די אויערן. איך פיל, אַז ס׳איז אויף מיר אַביסל צו גרויס.

— אָן אַן אומגליק! אַבי ס׳איז נישט ענג! — זאָגט די

מאַמע און רוקט דאָס מיר אָן כמעט ביז דער נאָז. — זאָלסט ניט טאַפּן מיט די הענט!... טראָג געזונט!...

ז.

געקומען מיטן טאַטן פאַרנאַכט אין שול אַריין דאַוונען, טרעף איך שוין דאָרט אַלע מיינע חברים: איציק און בערל, און לייבל, און אייזיק, און צדוק, און וועלוול, און שמעיה, און קאָפּל, און מאירל, און חיים-שלום, און שכנא, און שעפּסל, און נאָך און נאָך. אַלע גייען אָנגעטאָן יום-טוב׳דיק. אַלע מיט נייע קאַפּאָטקעלאַך, אַלע מיט נייע שטיוועלאַך, נייע קאַש־קעטעלאַך. נאָר קיינער טראָגט ניט אַזאַ לאַנגע קאַפּאָטע מיט אַ „פאַלבאַס" ווי איך, קיינער גייט ניט אין אַזעלכע „שטי־וואַלעס", ווי איך, און ביי קיינעם זע איך ניט אַזאַ מין משונה מאָדנעם קאַשקעט, ווי ביי מיר... פון שפּאַלטן, פון קעשע־נעס און פון סקריפּקעס רעד איך שוין ניט; מען האָט מיך רעכט אָפּגענאַרט, אָנגעטאָן אַ ספּאָדעק!...

חברה האָבן מיך באַגעגנט מיט אַ געלעכטער:

— אָט דאָס זיינען דיינע נייע בגדים׳לאַך, וואָס דו האָסט זיך אַזוי באַרימט? וואו איז דיין שפּאַלט פון הינטן? וואו איז דיין קעשענע, וואָס דו האָסט געזאָגט? פאַרוואָס הערט מען עפּעס ניט דיינע שטיוועלאַך זאָלן סקריפּען?...

גענוג! ס׳איז מיר אַזוי אויך גענוג שווער אויפן האַרצן, זאָלן זיי מיר נאָך אויף די וואונדן! איטלאַכער זאָגט אויף מיר אַן אַנדער שטעכווערטל:

אייזיק זאָגט: וואָס איז דאָס ביי דיר אַ קאַפּאָטכע?

בערל: אַ כאַלאַט!
לייבל: אַ כלאַמידע!
אייזיק: אַ כלאַמינדריק!
צדוק: אַ זשופּיצע!
וועלוול: אַ קליידל!
מאירל: און אַ קאַשקעאוט!
שכנא: אַ לאַקשנטאָפּ!
שעפּסל: אַ פּאַמעניצע!...

איך בין אַזוי צעקאָכט, אַז איך הער אַפילו ניט הערש־בער דעם חזן, ווי שיין ער דאַוונט... איך קום צו זיך נאָר דעמאָלט, ווען דער עולם זאָגט שוין איינער דעם אַנדערן „אַ גוט יום־טוב! אַ גוט יום־טוב! אַ גוט יום־טוב!“.... מיט אַ שווער געמיט און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ גיי איך מיטן טאַטן אַהיים, קוים וואָס איך שלעפּ די פיס. עס ברענט אַ פייער אין מיין האַרצן! עס גייט מיר נישט איין די ארבע כוסות, וואָס מיר וועלן באַלד טרינקען, די פיר קשיות, וואָס איך וועל פרעגן דעם טאַטן, די הגדה, וואָס מיר וועלן זאָגן, די גוטע געפעפערטע פיש, וואָס מיר וועלן עסן מיט אונטער־געווייקטער מצה, די הייסע קניידלאַך, די כרעמזלאַך, מיט די פאַלירטשיקעס, מיט די אַלע איבעריקע גוטע זאַכן — אַלץ, אַלץ איז מיר נישט ליב, נמאס, פאַרשטערט, פאַר־שטערט, פאַרשטערט!...

ביים סדר זיצט דער טאַטע, דער „מלך“, אין אַ ווייסן קיטל מיט דעם סאַמעטענעם קאַשקעט אויפן קאָפּ, אויבנאָן, אויף דעם הסב־בעט, לעבן אים זיצט די מאַמע, די „מלכה“,

מיט דעם אַנטיקמאַרענעם קלייד, מיט דער זײדענער פּאַ־טשײלע און מיט די שײנע פּערעלאַך, וואָס גיבן איר צו זײער פיל חן. אַ קענן זיי זיך איך, דער בן־מלך, דער „פּרינץ“, אָנגעטאָן אין גאָלע נײעם פון קאָפּ ביז פּיס. פון איין זייט זיצט ביילע דאָס דינסט־מיידל, אָנגעטאָן מיט אַ נײעם ציצירנעם קלייד, און מיט אַ ווייסן אָנגעקראָכמאַלעטן פאַרטוך, וואָס קנאַקט און טרישטשעט, ווי אַ מצה, פון דער אַנדער זייט זיצט די אידענע, די קעכן, ברײנע מיט די וואָנצעס, מיט אַ נײער געלער פּאַטשײלע אויפן קאָפּ; זי האַלט זיך צו דאָס פּנים אין האַנט און שאָקלט זיך. אַלע זײנען אויפגעלײגט, אַלע זײנען יום־טוב׳דיק, נאָר דער פּרינץ איז עפּעס נישט מיט אַלעמען. דאָס האַרץ איז אים פאַרשטיינערט, די אויגן פאַרצויגן מיט אַ רויכל. ס׳זאָל ניט זיין פּסח צום סדר, וואָלט ער זיך צעוויינט. און אַז ער וואָלט זיך אויסגעוויינט, וואָלט אים אפשר געוואָרן אַביסל גרינגער.

— השתא עבדי — לאָזט אוים דער מלך מיט אַ ניגון און מיט גרוים גדלות — היינט זײנען מיר קנעכט, לשנה הבאה בני־חורין — איבער אַ יאָר זײנען מיר פרייע מענטשן!...

דער מלך זעצט זיך אַנידער און שפּאַרט זיך אָן אויף דעם הסב־בעט. נאָך אים זעצן זיך אַנידער אַלע אויף זייערע ערטער, און מען וואַרט ביז דער פּרינץ וועט אויפשטיין און וועט פרעגן די פיר קשיות: „מה נשתנה?“ — וועט דער מלך נאָכדעם ענטפערן אַ תירוץ: „עבדים היינו“... דער פּרינץ זיצט אָבער, ווי צוגעקאָוועט צום בענקל; ער קאָן זיך ניט רירן פונם אָרט.

— נו?... — טוט דער מלך אַ מאַך מיט דער האַנט.

דער פּרינץ רירט זיך ניט. ער פילט, אַז עמיצער האָט אים אַנגענומען ווי מיט אַן אָפּצוווענגע ביים גאָרגל און וואַרגט אים. דער קאָפּ בייגט זיך אים אויף אַ זייט. די אויגן הייבן אים אָן שפּרינגען — שפּרינגען; עס טיילן זיך אָפּ צוויי קיי־לאַכיקע טרערן, ווי פּערעלאַך, קייקלען זיך איבער די בעק־לאַך און קאַפּען, פאַלן גלייך אויף דער הגדה.

— וואָס איז דיר? וואָס איז דאָס פאַר אַ געוויין פלוצים, אין מיטן דערינען ביים סדר? — צעשרייט זיך די מלכה און ווערט אין כעס. — דאָס דאַנקסטו אַזוי אָפּ פאַר די נייע מלבושים׳לאַך, וואָס מען האָט דיר געמאַכט אויף יום־טוב?

דער פּרינץ וויל אויפהערן וויינען, קאָן ער נישט; עס קוועטשט אים, עס שטיקט אים. עס האָט זיך אים מיט אַמאָל געעפנט אַ קוואַל, אַ גאַנצער ברונעם.

— זאָג, וואָס איז דיר? וואָס טוט דיר וויי? וואָס שווייגסטו? ענטפער! צי דו ווילסט, דער טאַטע זאָל דיך אַנידערלייגן און אַריינפּיצקען לכבוד פּסח?...

שטייט אויף דער פּרינץ און פּלאָנטערט מיט דער צונג:

— קשיא, איך וועל דיך פרעגן פיר טאַטעס... מיין איך, טאַטע, איך וועל דיך פרעגן פיר... קש... קש...

דעם פּרינץ ווערן אונטערגעהאַקט די פיס, און ער פאַלט מיטן קאָפּ אויפן ווייסן טישטוך און וויינט און כליפּעט, ווי אַ פּיצעלע קינד...

אַ פאַרשטערטער, אַ פאַרשטערטער פּסח!...

שלום עליכם.

# ביים סדר



ער קאַלטער ווינטער מיט זיינע לאַנגע נעכט, קורצע טעג, מיט דעם פאַר־כמאַרעטן הימל און מיט דער מינוטנ־דיקער זון איז אַוועק, און עס זיינען אָנגעקומען ערב־פּסח׳דיקע טעג. די זון האָט אָנגעהויבן לענגער, ליבער, און געטרייער צו וואַרעמען, די פענסטער האָט מען געעפנט און דאָס לעבן פון גאַס הערט זיך מער אין שטוב, עס ציט, עס רייסט יעדן אויף דער גאַס אַרויס אונטערן הימל, און דאָ איז ערב־פּסח, מען דאַרף אַזוי פיל איינקויפן און אָנגרייטן אויף דעם גרויסן יום־טוב... מען רעשט זיך מיט די מצות, פיש, פלייש, אינדיקעס, ניי געפעס, מיט כשרן אַלטע כלים, מיט כשר, פּסח׳דיק מאַכן די גאַנצע שטוב. געלט לויפט ווי וואַסער, טיר און טויער זיינען אָפן, יעדער איז פאַרנומען, פאַרהאָרעוועט, נישטאָ קיין צייט די נאָז אָפּווישן. מען פיל־דערט, מען לויפט. אין דער לופט הערט זיך דאָס זיפצן, דאָס קרעכצן פון דעם שווערן יום־טוב... די פיס האַקן זיך אונ־טער פון די פיל אַרבעטן, און דער קאָפּ דרייט זיך פון דאַרפן האָבן אַזוי פיל געלט אויף פּסח.

נישט באַמערקנדיק, נישט ווילנדיק האָט דער ערב־פּסח׳דיקער ווינט, ווי אַ שטאַרקער ווינט אויך חנה׳ן אַריינ־געכאַפּט. זי לויפט אויך צום בעקער וועגן מצות, זי קויפט אינדיקעס, זי כשרט, זי וואַשט און רוימט אין שטוב און האָט

קיין צייט נישט גלייך מיט אלע שכנים. זי איז אזוי פארנו־מען, אז ווי יעדע מאמע פאר פסח שרייט זי אויך אן אויף איר חיימל, דאס יתומל, ער זאל איר נישט שטערן אין דער ארבעט: „עס איז היינט ערב פסח און עס איז נאך דא אזוי פיל ארבעט“.

אין אלע הייזער האט מען שוין פארברענט דעם חמץ, אומעטום איז אויפגערוימט און פסחדיק, אפילו וויין אויף ארבע כוסות איז שוין אויך אנגעגרייט; אין די אויוונס איז שוין איינגעהייצט, עס פלאקערט א ליכטיק יום־טובדיק פייערל, און די נייע פסח׳דיקע טעפלאך זידן און רעדן אזוי פריילאך.

ביי חנה׳ן איז שוין אויך אומעטום אויפגערוימט — פסחדיק; עס שיינט; עס פינקלט פון יעדן ווינקעלע, פון יע־דער זאך, וואס געפינט זיך אין שטוב.

חנה האט שוין מער קיין ארבעט נישט. זי זעצט זיך צו, זי באטראכט אלץ און לאזט אראפ די הענט.

— צו וואס? פאר וועמען דאס אלץ? — פרעגט זי זיך טרויעריק און די טרערן שטיקן זי נאך שטארקער ווי דעם גאנצן ווינטער.

— פאר׳רעשט זיך, אנגעארבעט זיך, צו וואס? פאר וועמען? ווער דארף דאס אלץ? — הערט זי נישט אויף צו רעדן צו זיך אליין און שטיל, אן ווערטער, בלייבט זי לאנג זיצן אויף איין ארט מיט אראפגעלאזטע הענט און קאלט־בלוטיק צו אלץ.

אַ שעה איז אַזוי אַוועקגעגאַנגען, און שטיל און טרויע־ריק און ביי חנה'ן אין שטוב ווי אויף דעם בית־הקברות.

פּלוצים עפנט זיך ראַשנדיק די טיר און חיימל לויפט אַריין פריילאַך און לעבעדיק, מיט דעם דאַשעק פון היטל אין דער זייט, און שיסט אויס אַלץ מיט איינמאַל, כאַפנדיק אַלע ווײַלע דעם אָטעם:

— מאַמע, מאַמעניו, זיי זיינען שוין אָנגעטאָן!... זיי שפּילן זיך שוין... יעקעלע אין נייע שטיוועלאַך, פערעלע אין אַ נייַ קליידעלע, אַלע... אַלע... בערעלען האָט מען געגעבן אַ גאַנצע מצה, יאָסעלע האָט אַ פולע קעשענע נים... מאַמעלע טייערע, טו מיך אויך אָן... איך וועל זיך נישט אויס־שמירן... גיב מיר מצה... נים... אַ סך נים...

חיימל כאַפּט קוים דעם אָטעם און קלאַפּט ווייטער:

—מאַמע, מאַמעניו, ווען זעצן מיר זיך צום סדר? איך קאָן פרעגן די פיר קשיות... דער רבי האָט מיך אויסגעלערנט מיט אַלע קינדער אויסוויייניק... מאַמע, פאַרוואָס גייסטו אָנגעטאָן אין אַלטן?... יאָסעלעס מאַמע האָט זיך שוין אָנ־געטאָן פּסחדיק... יום־טובדיק... עס איז אַזוי שיין, אַזוי טרוקן אין דרויסן... טו מיך אָן גיכער, מאַמע!..

— באַלד, באַלד, מיין קינד! האָט חנה זיך גערירט פון איר אָרט און האָט אָנגעהויבן איילן זיך. זי האָט נאָך אַזוי פיל צו טאָן... אַזוי פיל אַרבעט... אומעטום האָט מען שוין אין אויוון געהייצט... זי דאַרף נאָך דאָס קינד אַרומוואַשן און אָנטאָן...

אין אַ שעה אַרום האָט זיך ביי חנה'ן אין אויוון שוין אויך געהייצט און נייע פּסחדיקע טעפּלאַך האָבן פריילאַך געזאָטן... פון דרויסן הערט חנה דאָס פריילאַכע קול פון היימלען, ער שפּילט זיך מיט די קינדער... אין אויוון קנאַקט אַ שיין יום-טובדיק פייערל, די נייע טעפּלאַך זידן נאָך פריי־לאַכער, חנה איילט זיך — עס איז נאָך דאָ אַזוי פיל אַרבעט, ביז אָוונט דאַרף אַלצדינג פאַרטיק זיין...

אויף דער נאַכט. דער רעש אין גאַס האָט אויפגעהערט, אַלע קליימן, אַלע געשעפטן זיינען פאַרמאַכט, אַלע הייזער זיינען באַלויכטן, נאָר נאָך ליכטיקער איז אין שול און אין די בתי-מדרשים.

מען גייט שוין פון דאַווענען.

— אַ גוט יום-טוב, מאַמע! — האָט חיימל געזאָגט קו־מענדיק פון שול.

— אַ גוט יאָר, מיין קינד!

חיימל זעט ווי זיין שיינע מאַמע איז אָנגעטאָן יום-טוב־דיק. שוין לאַנג, אַז ער האָט זי נישט געזען אַזוי אָנגעטאָן. דער טיש איז געדעקט; אויף דעם טיש שטייען די זילבערנע לייכטער מיט די בענטש-ליכט, פלעשער וויין, כוסות... אליהו הנביאס כוס... זיין קליין כוס'על. אויבן-אָן אַ הסב־בעט מיט ווייסע אָנגעצויגענע קישנס... אַלץ, אַלץ ווי פאַר איאָרן, נאָר דער טאַטע איז נישטאָ...

חיימ'ל ווערט טרויעריק, נאָר ער האָט מורא צו זאָגן, די מאַמע זאָל נישט וויינען, זי וויינט שטענדיק, אַז מען דער־

מאַנט דעם טאַטן. חיימ׳ל שווייגט און לאָזט אַראָפּ די אויגן אויף אליהו הנביאס כוס... און עס פֿאַלט אים איין אַ גליק־לאַכער געדאַנק, אַז ביים היינטיקן סדר, ווען מען וועט עפֿע־נען די טיר, אליהו הנביא זאָל אַריינקומען אויסטרינקען זיין כוס, וועט ער נישט אַראָפּלאָזן די אויגן פֿון דער טיר, און פֿון זיין כוס — ער מוז זען ווי ער טרינקט! און ווי ער וועט אים נאָר דערזען, וועט ער אים בעטן, ער זאָל שוין אַראָפּברענגען משיח׳ן. דעמאָלט וועלן אַלע מתים לעבעדיק ווערן און זיין טאַטע אויך. ער וועט אים דערציילן ווי זיין מאַמע וויינט שטענדיק, וואָס דער טאַטע איז נישטאָ. ער וועט בעטן און וויינען פֿאַר אים, ער זאָל לעבעדיק מאַכן זיין טאַטן, אַלע אינגלאַך אין חדר האָבן טאַטעס און ער נישט... אליהו הנביא וועט אים נישט אָפּזאָגן, ער איז אַזאַ גוטער, חיימ׳ל האָט אים שטענדיק אַזוי ליב, ליבער פֿון אַלע, ער האָט אַזוי פֿיל שיינע, טייערע מעשות געהערט דערציילן וועגן אים, ער קאָן אַליין אַ סך מעשות נאָכדערציילן: ווי „אליהו הנביא פֿאָרט אין דער לופֿטן רייטנדיק אויף אַ פֿייער־דיקן פֿערד“, ווי „אַן אָרימאַן, אַ איד, האָט פֿאַרלוירן אויף דעם יריד פֿרעמד געלט, האָט אים אליהו הנביא אונטער־געוואָרפֿן אַ „ביי־גאַרטל“, און ווען דער איד האָט גענומען איבערציילן, האָט ער געציילט דריי טעג מיט דריי נעכט — אַזוי פֿיל געלט איז דאָרט געווען... אַן עושר איז דער אָרי־מאַן געוואָרן!“ חיימל ווייס אויך די מעשה מיט דעם „איש חסיד“, ווי אליהו הנביא האָט אים באַגעגנט אויף דעם יריד.
— ער איז אַזאַ גוטער, אַזאַ גוטער, ער וועט מיר נישט אָפּ־

זאָגן, אַז איך וועל אים בעטן; איך זאָל אים נאָר דערזען, — האָט חיים׳ל געטראַכט און פעסט באַשלאָסן, אַז ווען מען וועט עפענען די טיר, זאָל ער נישט אַראָפּנעמען זיין אויג פון אליהוס כוס...

— מען קאָן זיך שוין זעצן צום סדר, — האָט חנה גע־זאָגט און חיים׳לען אַנידערגעזעצט אויף דעם „הסב-בעט".

מען האָט אָנגעגאָסן די כוסות און חיים׳ל האָט קידוש געמאַכט.

ווען עס איז געקומען צו „מה נשתנה", האָט חיים׳ל גע־וואָלט פרעגן די פיר קשיות.

— ניין, — האָט חנה געזאָגט מיט שטייענדיקע טרערן אין די אויגן. — איך וועל דיך פרעגן און דו שוויג ביז „עבדים היינו!"...

חיים׳ל האָט זיך צעלאַכט, ווי די מאַמע וועט פרעגן די פיר קשיות. ער האָט געשוויגן ביז זי האָט אָפּגעזאָגט „מה נשתנה", און דערנאָך האָבן זיי ביידע צוזאַמען ווייטער גע־זאָגט די הגדה.

מען האָט דערלאַנגט דאָס עסן, פיש, דערנאָך די קנייד־לאַך מיט יויך און נאָך פּסח׳דיקע מאכלים.

... און חיים׳ל זעט, ווי עס עפנט זיך די טיר... און עס קומט אַריין אליהו הנביא אַן אַלטיטשקער, אַ גוטינקער, אַ פריילאַכער, מיט אַ ווייס-זילבערנער באָרד, און מיט אַ ווײַ־סער זיידענער קאַפּאָטע געשטיקט מיט זילבער, אַזוי ווי אַן עטרה פון אַ טלית, ער גייט צו צו זיין כוס און טרינקט אָפּ אַ

ביסעלע, אַז עס איז ניט צו דערקענען, צי מען האָט געטרונקען...

חיימ׳ל לאָזט ניט אַראָפּ די אויגן פון אים און וויל אים אָננעמען ביי זיין אַרבל און אָנהייבן דערציילן זיין בקשה, נאָר חיימ׳ל קאָן ניט רעדן, ער פּרואווט רעדן און קאָן נישט... און צו זיין גרויס וואונדער זעט ער ווי אליהו הנביא זעצט זיך ביים טיש און זאָגט: „איך בין שוין היינט געווען אויף דער גאַנצער וועלט, אין אַלע אידישע הייזער האָב איך שוין געטרונקען מיין כוס, איצט וויל איך זיך דאָ אָביסל אָפּרוען, ווייל דו, חיימ׳ל, האָסט מיך געוואָלט זען, און ביי מיר עפּעס בעטן. קום אהער, שעם זיך נישט". און ער זעצט חיימ׳לען ביי זיך אויף די קני און מיט זיין גלאַטער, ווייסער האַנט גלעט ער חיימ׳לען איבער דעם פּנים, אַז עס ווערט אים אַ מחיה אין יעדן אבר און ער זאָגט חיימ׳לען, אַז היינטיקס יאָר וועט משיח קומען, אַלע טויטע וועלן לעבעדיק ווערן און זיין טאַטע אויך...

אויף חיימ׳לס ליפּן באַווייזט זיך אַ שמייכל פון שמחה, וואָס ער וועט זען זיין טאַטן...

חנה קוקט אויף איר חיימ׳לען און זעט ווי איר זון שמייכלט פון שלאָף.

זיצנדיק אויף דעם הסב־בעט איז חיימ׳ל באַלד נאָך די קניידלאָך מיט אַ האַלבן ביסן אין מויל איינגעשלאָפן געוואָרן...

— אַ קינד, אַ טראָפּן ווייַן, שלאָפט עס שוין, — רעדט חנה צו זיך, ניט אַראָפּנעמענדיק די אויגן פון איר זון, וואָס

איז איצט שיין ביי איר אין די אויגן ווי די גאַנצע וועלט. זיינע בעקעלאַך זיינען פּאַרביק, דער שטערן ווייס, שוואַרצע האָר און אויף די ליפּן שפּילט אַ זיסער פריילאַכער שמייכל... ווי צוויי טראָפּן — ער...

זי נעמט חיימ'לען אויף די הענט איבערטראָגן אים אויף זיין בעטל און דריקט אים צום האַרצן און קושט אים יעדעס אבר.

און חיימ'ל איז געשמאַק געשלאָפן מיט זיסע חלומות, ווי אַלע גליקלאַכע קינדער אין דער סדר-נאַכט.

מ. ספּעקטאָר.



# ליל שמורים



שוין פֿאַרזוכט פֿון אַלע כוסות,
האָט דער נביא אליהו,
שטילע רו-מלאכים פֿליען,
פֿון די הימלען פֿון די בלאָע...

טראָגן זיך פֿון הויז צו הײזל,
שוועבן אום אויף אַלע דעכער,
גנב'ען זיך אַריין אין פֿענסטער,
קריכן דורך די שליסל-לעכער...

בענטשן איטלאַכעס געלעגער,
קושן יעטוועדן באַזונדער,
שושקען יעדן אין זײַן שלומער,
זיסע טרוימען, הימל-וואונדער.

הײליק איז דאָס קליינע געסל,
ס'טאָר קיין בייז אים ניט פֿאַסירן,
שניי-געפֿליגלטע מלאכים,
שטייען וועכטער ביי די טירן.

יהואָש.

# דער קונצנמאַכער

א.



**א** י ן  אַ וואָלינער שטעטל אַריין איז אַמאָל געקומען אַ קונצנמאַכער.

און כאָטש עס איז געווען אין דער פאַר־דאגה׳טער פאַר־פּסח־צייט, ווען אַ איד האָט מער זאָרג, ווי האָר אויפן קאָפּ, האָט דאָך זיין אָנקומען אַ גרויסן רושם געמאַכט; אַ רעטע־ניש פון אַ מענטש; קרוע־בלוע, מיט אַ צילינדער, אַפילו אַ צעקנייטשטן, אויפן קאָפּ, אַ אידיש פּנים — דער צלם־אלקים פּליט אים איבער דער נאָז, און אַ געגאָלטע באָרד! און קיין פּאַספּאָרט האָט ער נישט געהאַט, און עסן האָט׳ן קיינער נישט געזען, נישט קיין כשר׳ס נישט קיין טריפה׳ס. גיי וויים, וואָס ער איז! מען פרעגט׳ן: פון וואַנען? זאָגט ער: „פון פּאַריזש"; וואוהין? — „קיין לאָנדאָן!" ווי קומט איר אַהער? זאָגט ער: „פאַרבלאָנדזשעט!" אַפּנים, צו־פוס געגאַנגען! און ווייזט זיך ביי קיין מנין נישט, אַפילו שבת־הגדול נישט! און שטייט מען צו אים צו, מאַכט מען אַרום אים אַ רעדל, ווערט ער פלוצים נעלם, גלייך די ערד וואָלט׳ן איינגעשלונגען, און שווימט אַרוים אויף יענער זייט מאַרק.

דערווייל האָט ער זיך געדונגען אַ סאַליע און אָנגעהויבן צו מאַכן קונצן.

אָבער קונצן! בפני קהל ועדה האָט ער געשלונגען ברע־נענדיקע קוילן, ווי פערפל! און פון מויל אַרויסגעצויגן האָט ער אַלערליי בענדער, רויטע, גרינע, וואָס פאַר אַ קאָליר מען

האָט נאָר געוואָלט, און לאַנגע ווי'ם גלות. פון אַ כאַלעווע פון שטיוול וואַרפט ער אַרויס זעכצן פּאָר אינדיקעס, אָבער אינדיקעס — ווי בערן, און לעבעדיקע, און זיי צעלויפן זיך איבער דער סצענע; דערנאָך הייבט ער אַ פוס און קראַצט אָפּ פון דער פּאַדעשווע גאָלדענע רענדלאַך, אַ גאַנצע שיסל גאָלדענע רענדלאַך! פּאַטשט מען „בראַוואָ", גיט ער אַ פייף, לויפן זיך אין דער לופט צוזאַמען חלות און קוילעטשן, ווי די פייגל, און הייבן אָן טאַנצן אַ ראָד, צי אַ ברוגז־טאַנץ אונטער דער סטעליע. און גיט ער דעם צווייטן פייף, ווערט דאָס אַלץ כהרף־עין פאַרשוואונדן, כלא היה! אוים קוי־לעטשן, אוים בענדער, אוים אינדיקעס — גאָרנישט!

מילא, ווייס מען דאָך, אַז „יענער צד" קאָן אויך עפּעס באַווייזן! די חרטומים פון מצרים האָבן מן הסתם גרעסערע קונצן באַוויזן! איז אָבער די שאלה: פאַרוואָס איז ער אַליין אַזאַ גרויסער קבצן? אַ מענטש שאַרט רענדלאַך פון פּאַ־דעשווע, און האָט נישט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר דער אכסניה. מיט אַ פייף באַקט ער מער קוילעטשן און חלות. ווי דער גרעסטער בעקער, אינדיקעס ציט ער אַרויס פון כאַלעווע, און אַ פּנים האָט ער — אָן אויסגעצויגנס, אַז אַ שענערס לייגט מען אין דער ערד אַריין, און דער הונגער ברענט אים אין די אויגן ווי אַ פלאַקער! ווערטלט מען זיך: די פינפטע קשיא צו „מה נשתנה"!...

ב.

חיים־יונה איז אַמאָל אַ וואַלד־סוחר געווען, האָט ער איינמאָל געקויפט אַ וואַלד אין גלייכן געלט, האָט מען דאָס

וואַלד פאַרמאַכט, איז ער אַרוים „אין איין העמד". איז ער געוואָרן וואַלד־שרייבער, האָט ער די שטעל פאַרלוירן: זיצט ער שוין אַ שיינע פּאָר חדשים אָן פּרנסה. אַ ווינטער האָט מען איבערגעלעבט — אויף שונאי־ציון געזאָגט. נאָך ווינטער גייט אָבער פּסח! און פאַרזעצט איז שוין פון הענג־לייכטער ביזן לעצטן קישן.

זאָגט רבקה־ביילע: גיי אַריבער צו קהל און נעם מעות־חטין. זאָגט חיים־יונה, אַז ער האָט ביטחון, אַז גאָט וועט העלפן, און דאָס פּנים פאַרשוואַרצן וועט ער זיך נישט.

גייט רבקה־ביילע און זוכט נאָכאַמאָל אין אַלע ווינקע־לאַך, און געפינט אַן אַלטן אָפּגעריבענעם זילבערנעם לעפל — ממש אַ נס מן השמים, יאָרן זינט דער לעפל איז פאַרלוירן געוואָרן! גייט חיים־יונה, נעמט דעם לעפל, פאַרקויפט אים און טראָגט אַריין די פּאָר גראָשן אויף מעות־חטין פאַר אָרי־מע לייט. אָרימע לייט, זאָגט ער, זיינען בילכער.

די צייט דערוויל רוקט זיך. שוין אינגאַנצן נישט מער ווי אַ פּאָר וואָכן צו פּסח. ער האָט ביטחון! גאָט, זאָגט ער, פאַרלאָזט נישט! מילא, רבקה־ביילע שווייגט: אַן אשה מוז פאָלגן אַ מאַן. עס גייט אָבער אַוועק נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג, רבקה־ביילע ווייס נישט פון קיין שלאָף, גראָבט דאָס פּנים אין זעניק אַריין און וויינט שטילערהייט, חיים־יונה זאָל נישט הערן, און אויף פּסח איז קיין צייכן נישטאָ. און טעג האָט זי ערגערע ווי נעכט, — ביינאַכט וויינט זיך אַ מענטש כאָטש אָפּ דאָס האַרץ, בייטאָג אָבער מוז מען קנייפּן די באַקן, די פאַרב זאָל שטיין! שכנות קוקן איר נאָך און גאַפן,

און קוקן זיך די אויגן אויס, און שטעכן זי, מיט רחמנות־בליקן ווי מיט נאָדלען... אַנדערע פרעגן: ווען באַקט איר מצות? ווי האַלט איר מיט בורעקעס? די נאָענטערע זאָגן:

— סטייטש, וואָס טוט זיך מיט אייך, רבקה־ביילע? פעלט אייך ווען מיר אייך באָרגן, וכדומה...

חיים־יונה וויל אָבער נישט קיין מתנת בשר־ודם, און רבקה־ביילע ווייסט קעגן איר מאַן נישט גיין — זוכט זי אויס תירוצים פון אונטער דער ערד, און דאָס פנים פלאַמט און פלאַמט.

זעען די שכנים, אַז עס איז נישט, ווי עס באַדאַרף צו זיין, נעמען זיי און לויפן צום רב: — סטייטש? דער רב, נעבאַך, הערט אויס, קרעכצט אָפּ און פאַרקלערט זיך, און סוף כל סוף, ענטפערט ער, אַז חיים־יונה איז אַ בן־תורה און ירא־שמים, און אויב ער האָט ביטחון, האָט ער...

רבקה־ביילע איז אַפילו אַן בענטש־ליכט געבליבן...

און — שוין פסח!

**ג.**

חיים־יונה גייט פון בית־המדרש אַהיים, זעט ער, אַז אַלע פענסטער אין מאַרק שיינען אַרויס מיט שמחת־יום־טוב, און נאָר זיין דירה שטייט, ווי אַן אָבל צווישן מחותנים, ווי אַ בלינדע צווישן זעענדיקע. ער פאַלט אָבער ביי זיך נישט אַראָפּ: „אַז גאָט וועט וועלן, וועט נאָך זיין פסח!" — טראַכט ער. ער גייט אַריין און זאָגט פריילאַך: „גוט יום־טוב", און נאָכאַמאָל: „גוט יום־טוב דיר, רבקה־ביילע!" און רבקה־ביילעס קול ענטפערט אים, אָנגעזאַפּט מיט טרערן, פון אַ

פינסטער ווינקל אַרויס: „גוט יום־טוב, גוט יאָר!" און אירע אויגן ברענען אַרויס פון פינסטערן ווינקעלע, ווי צוויי ברע־נענדיקע קוילן.

גייט ער צו צו איר און זאָגט איר: „רבקה־ביילע, היינט איז יום־טוב, יציאת־מצרים, פאַרשטייסט? טרויערן טאָר מען נישט! און וואָס איז דאָ צו טרויערן! אויב דער רבונו־של־עולם האָט נישט געוואָלט מיר זאָלן האָבן אונזער סדר, מוז מען אָננעמען פאַר ליב און זיין ביי אַ פרעמדן סדר. וועלן מיר גיין ערגעץ אַנדערש צום סדר! מען וועט אונז אַריינלאָזן אומעטום... טיר און טויער שטייען אָפן... אידן זאָגן: „כל דכפין ייתי וייכול", דאָס איז טייטש: „ווער עס איז הונגע־ריק, זאָל אַריינקומען עסן." קום, נעם אויף דיר דעם שאַל, וועלן מיר גיין צום ערשטן, בעסטן אידן...

און רבקה־ביילע, וואָס טוט שטענדיק דעם רצון פון איר מאַן, האַלט איין מיט אַלע כוחות דאָס געוויין, וואָס רייסט זיך איר צום האַלז, נעמט אויף זיך אַ צעריסענעם שאַל און וויל שוין גיין, — אין דער זעלבער רגע עפנט זיך אָבער די טיר, און עמיצער קומט אַריין און זאָגט:

— גוט יום־טוב!

ענטפערן זיי: „גוט יאָר," נישט זעענדיק ווער עס איז צו זיי אַריינגעקומען.

זאָגט דער, וואָס איז אַריינגעקומען: „איך וויל זיין אייער גאַסט צום סדר!"

ענטפערט חיים־יונה: „מיר האָבן אַליין קיין סדר נישט..."

ענטפערט יענער, אז ער האָט מיטגעבראַכט דעם סדר מיט זיך.

— אין דער פינסטער! — האַלט זיך שוין רבקה־ביילע נישט איין און שלוכצט.

— חלילה! — ענטפערט דער אורח, — עס וועט זיין ליכט, און ער גיט אַ מאַך: האָקוס־פּאָקוס! און עס באַווייזן זיך צוויי פּאָר זילבערנע לייכטער מיט אָנגעצונדענע סטעאַרין ליכט אין מיטן שטוב. אין דער לופטן! עס ווערט ליכטיק. חיים־יונה און רבקה־ביילע דערזען, אַז דאָס איז דער קונצן־מאַכער און זיי גאַפן און קענען פאַר וואונדער און שרעק קיין איינציק וואָרט פון מויל ניט אַרויסברענגען. זיי כאַפּן זיך איינס דאָס צווייטע אָן ביי די הענט און שטייען מיט אויפגעריסענע אויגן און אָפענע מיילער. דער קונצן־מאַכער ווענדט זיך דערווייל צום טיש, וואָס איז געשטאַנען פאַר־שעמט אין אַ ווינקעלע, און זאָגט צו אים: „נו, בחורל, באַ־דעק דיך און קום אַהער!" און אַזוי ווי ער זאָגט דאָס אַרויס, פאַלט פון סטעליע אויפן טיש אַראָפּ אַ שניי־ווייס טישטוך און באַדעקט אים, און דער באַדעקטער טיש הייבט זיך אָן רירן און גייט און קומט אין מיטן שטוב אַריין און פאַרהאַלט זיך פונקט אונטער די ליכט, און די זילבערנע לייכטער לאָזן זיך נידעריקער אַראָפּ און שטעלן זיך אַנידער אויפן טיש.

— אַצינד, — זאָגט דער קונצן־מאַכער, — פעלן נאָך הסב־בעטן, — „זאָלן זיין הסב־בעטן!" גייען דריי בענקלאַך, פון דריי עקן פון שטוב, און גייען צו צום טיש און שטעלן זיך אויף זיינע דריי זייטן. הייסט ער, דער קונצן־מאַכער, זיי

זאָלן ברייטער ווערן, ציען זיי זיך אויס אין דער ברייט, און עס ווערט פון זיי פּאַטער־שטולן. רופט ער אויס: „ווײַכער"!
— באַדעקן זיי זיך מיט רויטן סאַמעט, און תיכף פאַלן אויף זיי פון סטעליע אַראָפּ ווייסע, שניי־ווייסע קישנס, און לייגן זיך אויפן קונצן־מאַכערס געבאָט, אויף די פּאַטער־שטולן און עס ווערן הסב־בעטן! אויף זיין געבאָט באַווייזט זיך אויך אַ קערה מיט מינים און שטעלט זיך אויפן טיש, עס באַווייזן זיך אויך רויטע כוסות מיט פלעשער וויין און מצות, און אַלץ, וואָס מען דאַרף צו אַ כשרן און פריילאַכן סדר, אַפילו הגדות מיט אַ גאָלדענעם שניט.
— און צו וואָשן האָט איר? — פרעגט דער קונצן־מאַ־כער: — איך קאָן ברענגען וואַסער אויך!
דעמאָלט האָבן זיי זיך ביידע אויפגעכאַפּט פון גאַפן. און רבקה־ביילע פרעגט חיים־יונה'ן אויפן אויער: „מעג מען? וואָס?" און חיים־יונה ווייס איר נישט וואָס צו ענטפערן. ראָט זי אים: „גיי, מיין מאַן און פרעג דעם רב". ענטפערט ער, אַז ער קאָן זי מיטן קונצן־מאַכער אַליין נישט איבער־לאָזן. וויל ער, זי זאָל גיין. זאָגט זי, אַז אַ נאַרישער אידענע וועט דער רב נישט גלייבן, ער וועט מיינען, אַז זי איז פון זינען אַראָפּ. גייען זיי ביידע צום רב און לאָזן איבער דעם קונצן־מאַכער מיטן סדר.
האָט דער רב געזאָגט, אַז דאָס, וואָס ווערט געמאַכט מיט כשוף, האָט קיין ממשות נישט, וואָרים כשוף איז אַ פאַרבלענדעניש פאַר די אויגן, הייסט ער זיי אַהיימגיין, און אויב די מצה וועט זיך לאָזן אָפּברעכן, דער וויין — גיסן אין

די כוסות אריין און די קישנס פון הסב-בעט — אָנטאָפּן וכדומה, איז גוט... איז ער מן השמים, מעגן זיי געניסן.

אזוי האָט דער רב גע׳פסק׳נט. גייען זיי מיט הארץ-קלאַפּעניש אהיים. קומען זיי אריין, איז דער קונצן-מאַכער שוין נישטאָ, און דער סדר שטייט, ווי ער איז געשטאַנען. די קישנס לאָזן זיך אָנרירן, דער וויין גיסט זיך, די מצות ברעכן זיך... האָבן זיי ערשט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען אליהו הנביא, און האָבן געהאַט אַ פריילאַכן יום-טוב!

י. ל. פּרץ.



# פסח אין אמעריקע

**א.**



עס איז געווען נאָך אַ לאַנגן ישוב-הדעת, אַז גאָסי האָט באַשלאָסן מיט איר מאַן אַריבערצובריינגען איר מוטער פון רוסלאַנד. און זיי האָבן געהאַט דערביי זייער רעכענונג: גאָסי איז געווען אַ שניידערין פון דער און האָט דאָ געקאָנט פאַרדינען גוטע געלט, ווען די צוויי קינדער אירע זאָלן זי לאָזן אַרבעטן. גאָסי האָט שוין געפּרוּאווט אַריינעמען אַ דינסט אין שטוב, אָבער אין אַמעריקע זיינען די דינסטן גאַנצע פּריצעס, מען דאַרף זיי באַדינען. און אַזוי אַרבעטן אויף אַ דינסט איז קיין פּלאַן ניט. איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצושרייבן די מאַמע, וואָס וועט זיין גליקלאַך צו ניאַנטשען זיך מיט די אייניקלאַך און צופרידן אַכטונג צו געבן אין שטוב.

דער ישוב-הדעת איז נאָר געווען: וואָס טוט מען, וואָס די מאַמע איז אַ פרומע? זי וועט מאַכן די שטוב פאַר אַ תפיסה. גאָסי געדענקט נאָך, ווי זי פלעגט איר אין דער היים ניט אויפהערן צו מוסר'ן פאַרוואָס זי וואַשט זיך שבת מיט זייף, פאַרוואָס זי פאַרקעמט זיך שבת, פאַרוואָס זי לייענט ניט קיין קריאַת-שמע און כאַפּט אַ ביסן ברויט אומגעוואַשן.

דאָס איז געווען אין דער היים, און דאָ וועט זי האָבן נאָך מער צו מוסר'ן, ווייל אין די זעקס יאָר, וואָס גאָסי איז אין אַמעריקע, האָט זי זיך אינגאַנצן דערווייטערט פון אידיש־קייט.

גאָסי האָט אָוועקגעשיקט אַ שיפסקאַרט אין מיטן זומער, נאָר עס האָט דער מאַמען גענומען אַ היפּשע צייט, ביז זי האָט זיך אויסגעקליבן אין אַזאַ ווייטער נסיעה. אַ שפּאַס איז דאָס, זעגענען זיך מיט אַן אָרט, וואו מען איז געבוירן, אויפגעהאָדעוועט און ערצויגן געוואָרן און פאַרבראַכט כמעט דאָס גאַנצע לעבן. יעדעס ווינקעלע איז פאַרבונדן מיט די וואַרים־סטע זכרונות און טויזנטער פעדים פאַרבינדן זי מיט אַלע שמחות און ליידן פון אַזוי פיל צענדליקער יאָרן! עס איז שווער איבערצורייסן די פעדים און וואַגלען אויף די עלטערע יאָרן אין אַ פרעמד לאַנד, פון וועלכן מען דערציילט זיך אַן אַזעלכע שרעקן. נאָר די ליבע צום קינד, צו איר איינציקער טאָכטער, צו די אומבאַקאַנטע אייניקלאַך, האָט זיך אַרויס־געוויזן שטאַרקער ווי אַלץ, און זי איז אַראָפּגעקומען קיין אַמעריקע פּונקט אַ וואָך פאַר פּסח.

די טאָכטער האָט זיך באמת דערפרייט, אַז נאָך אַזאַ לאַנגער צייט האָט זי ווידער דערזען די מאַמען און געקענט איינאָטעמען פון דער זיסער, ליבער און טייערער היים. עס האָט אויף איר ווידער אַמאָל אַ בלאָז געטאָן מיט ערינערונ־גען פון די גליקלאַכע קינדערשע יאָרן און טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן.

אויפן וועג אַהיים האָט גאָסי אויסגעפרעגט דער מאַמען

וועגן אַלע קרובים, פריינט און באַקאַנטע. די מוטער האָט איר איבערגעגעבן אַלע געריסן, האָט איר דערציילט, ווער עס האָט חתונה געהאַט און ווער ס'איז געשטאָרבן, און אויף זייערע פּנימער האָט זיך אַלע ווײַלע געביטן אַ פריילאַכע מינע מיט אַ טרויעריקער.

אין דער היים האָט די מוטער שוין געטראָפן צוגעגרייט אַ טיש מיט פרוכטן און צובייסן; זי האָט גענומען אַן עפּל פון טיש און צעשניטן און צוגערופן דאָס עלטערע אייניקל, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט מיט פאַרלייגטע הענטלאַך און געקוקט אויף איר מיט אַ פאַרשנדיקן בליק. נאָר ווי עס ווייזט אויס, איז די באָבע אים ניט געפעלן געוואָרן און ער איז מיט אַ כמורנעם בליק צוגעלאָפן צו דער מאַמען.

— גיי, נאַרעלע, דאָס איז די גרענד-מאַ!

— גיב אים, דו, דעם עפּל, — האָט די מוטער געזאָגט צו איר טאָכטער.

ביי דער מאַמען האָט דאָס אינגעלע דעם עפּל גענומען און צוטוליענדיק זיך צו איר קני, האָט ער קייענדיק גענומען נאָכקוקן דער באָבען פון אונטערן שטערן.

— אַפּנים דו האָסט דאָ אַן עין הרע באַקאַנטע? — האָט די אַלטע באַמערקט.

— פון וואַנען ווייסטו?

די אַלטע האָט געוויזן אויף די פּאָמעראַנצן און געזאָגט:

— מסתמא פון שלח-מנות געבליבן?

— שלח מנות? — האָט די טאָכטער איבערגעפרעגט און ניט געקאָנט אָנפאַנגס פאַרשטיין, וואָס די מאַמע מיינט;

ענדלאַך האָט זי פאַרשטאַנען און געענטפערט מיט אַ שמייכל:

— דאָ, אין אַמעריקע, וואַרט מען ניט אויף פּורים, אַז אַ באַקאַנטער זאָל צושיקן פּאַמעראַנצן. ווען עס פאַרגלוסט זיך, קויפט מען זיי.

— נו, ביסטו ניט קיין נאַר? פאַרוואָס האָסטו געדאַרפט אויסגעבן אַזוי פיל געלט אויף מיר? דו ווייסט דאָך, איך בין, גאָט צו דאַנקען, ניט קיין נאַשערקע, — האָט די אַלטע געזאָגט אומצופרידן.

— דאָ קאָסטן זיי וואָלוול, ניט ווי אין דער היים.

און איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספרעגונג, ווי טייער איז ברויט, פּוטער, הערינג, קאַרטאָפל; און איבערזעצנדיק יעדן סענט אויף צוויי קאָפּיקעס, האָט זי פאַרמאַכט שטייף די ליפּן, געשאָקלט מיטן קאָפּ און ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי מענטשן האַלטן אויס אַזאַ יקרות.

— דאָס איז דאָך די הויט געריסן!

— איצט קוק אָן מיינע רומס, — האָט די טאָכטער געזאָגט, ווען די מוטער האָט עפּעס געהאַט צוגעביסן.

— דיינע, וואָס?

— מיינע צימערן.

זיי האָבן זיך אויפגעהויבן פון טיש און אַריין פון קיך אין שלאָפצימער.

— אַ חושך, רחמנא לצלן! — האָט געזאָגט די אַלטע און באַקוקט דאָס צימער מיט באַפּוצונגען.

זי האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

פון דעם שלאָפצימער זיינען זיי אַריין אין דעם צווייטן.

דאָ איז אין אַ קליין שמאָל בעטל געשלאָפֿן דאָס אינגערע קינד. דאָס פּלעשל איז געלעגן ביים קינד אויפֿן הערצל. זי איז צוגעגאַנגען צו אים און האָט עס אַרונטערגענומען.

פֿון דאַנען זיינען זיי אַריין אין זאַל. די מוטער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר.

— פֿאַרוואָס האָסטו זיך אָפּגעשטעלט?

זי האָט געקוקט אויפֿן קאַווייאַר און ניט געקאָנט באַשליסן צו טרעטן אויף אים. זי האָט אין דער היים געהאַט עפּעס אַ טישטוך, וואָס האָט אויפֿן ערשטן בליק געהאַט עפּעס אַן ענלאַכקייט צו דעם קאַווייאַר, האָט זי זיך ניט פֿאַרגונען צו פֿאַרשפּרייטן אים אַפּילו שבת אויפֿן טיש, — און דאָ גיי טרעט אַזאַ זאַך מיט די פֿיס! דאָך האָט זי אויפֿן טאָכטערס רופֿן אַ קוק געטאָן אויף אירע שיך און געמאַכט אַ פּאָר טריט, גייענדיק מיט אַ זייט. זי האָט איר בליק אַ וואָרף געטאָן אויפֿן גאַרניטור ווייכע מעבל, דערנאָך אויף די גאַרדינען איבער די פֿענסטער און אויפֿן גרויסן שפּיגל, וואָס האָט דערגרייכט ביזן סופֿיט. דאָ האָט די אַלטע מאַמע דערזען איר פֿולע געשטאַלט אין איר גאַנצער אָרימקייט, אַרומגערינגלט מיט אַזעלכע לוקסוס-זאַכן, און זי האָט אַ ציי געטאָן מיט די אַקסלען און אַ גליקלאַכער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף איר געזיכט. דערביי' האָט זי צורעכט געמאַכט דעם פּאַרוק, וואָס האָט זיך איר אַביסל אַראָפּגערוקט, אויפֿן קאָפּ.

גאָסי איז געווען גליקלאַך, וואָס זי האָט געקאָנט ווייזן

זיר גרויסקייט דער אָרימער מאַמען, און האָט זי געבעטן, זי זאָל צוגיין נאָענטער. די מאַמע האָט געפאָלגט און איז צו־געגאַנגען, ווי מיט באָרוועסע פיס איבער געהאַקט גלאָז.

ב.

— עפּעס זעט מען ניט, אַז איר ברענגט אַריין פּסח אין שטוב, — האָט די מוטער באַמערקט אויף מאָרגן: — האָסטו שוין געגעבן באַקן מצה?

גאָסי האָט זייט נאָך דער חתונה פון קיין פּסח ניט גע־וואוסט. אַ טאָג פאַר פּסח האָט זי געקויפט מצה, עס זאָל ליגן לפנים וועגן, טאָמער קומט אָן עמיצער. וואָס דאַרף ניט וויסן, אַז די שטוב איז אַ חמצ׳דיקע. נאָר זי האָט געוואוסט, אַז דאָ גיט מען ניט באַקן מצה, און זי האָט געענטפערט:

— דאָ קויפט מען פאַרטיקע.

— און שמאַלץ האָסטו אָנגעגרייט?

— דאָס קריגט מען אויך פאַרטיקע.

די מאַמע האָט גענומען דעם פּסח אין אירע הענט און האָט אַריינגעבראַכט אַלץ, וואָס עס איז נייטיק פאַר דעם הייליקן יום־טוב. זי האָט געשייערט, גע׳כשר׳ט און קאָמאַנ־דעוועט, וואו מען זאָל שטיין, וואו מען זאָל זיצן, וואו מען זאָל גיין, און כאָטש דער איידעם האָט שטילערהייט געמורמעלט: „אַ נייע אָנשיקעניש אויפן קאָפּ“, האָט ער דאָך געפאָלגט און געטאָן, וואָס מען האָט אים געהייסן.

צוויי טעג פאַר יום־טוב האָט די מאַמע פּלוצים אַ פרעג געטאָן:

— זאָג מיר, טאָכטער, וואו זיינען דיינע פּסח׳דיקע כלים? עפּעס זע איך זיי ניט.

די טאָכטער איז געבליבן אין פאַרלעגנהייט און האָט ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן גלייך.

— מיינע פּסח׳דיקע כלים? — האָט זי איבערגעפרעגט, כדי צו געווינען צייט, און נאָך אַ קורצן נאָכדענקען געענטפערט:

— איך האָב זיי מסתמא נאָך ניט אָפּגענומען.

— פון וואַנען?

— ווען מיר האָבן זיך אַריבערגעצויגן פון דער לעצטער דירה, האָב איך זיי איבערגעלאָזט ביי אַ באַקאַנטער שכנה, ווייל איך האָב מורא געהאַט, אַז מען זאָל זיי ביים אַריבערציען ניט צעברעכן.

— גיי טאַקע און נעם זיי אָפּ.

און גאָסי איז אַוועקגעגאַנגען צו דער באַקאַנטער שכנה, אָבער ניט אָפּצונעמען די כלים, וואָס זי האָט ביי איר ניט איבערגעלאָזט, נאָר אויסצופרעגן, וואָס פאַר אַ כלים מען דאַרף האָבן אויף פּסח, ווייל אין באַלעבאַטישקייט, ווי אַלע שניידערקעס, האָט זי גאָרניט פיל פאַרשטאַנען.

די באַקאַנטע, אַ געניטע באַלעבאָסטע, איז מיט איר אוועק אין העסטער סטריט און זיי האָבן אויפגעקויפט פון די כוסות ביז אַ קאָשיק.

גאָסי איז געגאַנגען אַהיים און האָט זיך געוואונדערט, ווי אַזוי איז איר דאָס איינגעפאַלן אַזאַ גלאַטער תירוץ אויף

דער מינוט. זי שטעלט זיך פאָר דעם עגמת־נפש, דעם פאַר־שטערטן יום־טוב, וואָס די מאַמע וואָלט געהאַט, ווען נאָך דעם אַלעמען, וואָס די מאַמע האָט ביי איר געפונען אין שטוב, זאָל זי נאָך אויסגעפינען, אַז קיין פסח האָט מען ניט גע־האַלטן.

פון מידקייט האָט די מוטער אין אָוונט גאָרניט געקאָנט טאָן. דער איידעם האָט געזאָגט אַ פּאָר המצאות לכבוד פסח און געפרעגט, צי דאַרף מען לכבוד אַזאַ הייליקן יום־טוב וואַשן די קעשענעס, טאָמער האָט זיך אַריינגע׳גנבע׳ט אַ ברעקל חמץ, און צי מען דאַרף דאָס מויל כשרן. נאָר דער אַלטער מאַמען האָט דאָס ניט געאַרט, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז דער פסח איז אַריינגעפירט געוואָרן מיט אַלע פּיטשעווו־קעלאַך און זי וועט שוין אַכטונג געבן, אַז אין די קעשענעס זאָלן שוין קיין ברעקלאַך חמץ ניט פאַרבלייבן.

אויף מאָרגן האָט זי גאַנץ פרי אַרויסגע׳פּטר׳ט דעם חמץ און זי האָט מיט אַ צופרידענער מינע געקוועטשט מיט די פלייצעס אויף די היגע „פּאַראַנדקעס": מצה — פּאַרטיקע, מצה־מעל — פּאַרטיקע; מצה־פאַרפעלאַך — פּאַרטיקע, אַ וואונדער וואָס מען האָט נאָך ניט אויסגעקלערט קיין קנייד־לאַך פּאַרטיקע! אַ טשיקאַווע זאַך, אַפילו די טעלער אין אַמעריקע זיינען גאָר אַנדערש געמאַכט, זיי נוצן זיך גאָרניט אָפּ, זיי זעען אויס, ווי מען וואָלט זיי ערשט פון קראָם אַרויס־גענומען.

ווען זי האָט געדאַרפט צושטעלן קאָכן און זי האָט באַ־קומען פון די פסח׳דיקע כלים אַ פענדל, איז זי געבליבן שטיין

אָפּהענדיק. זי האָט דאָס פענדל באַקוקט פון אַלע זייטן און אַ רוף געטאָן די טאָכטער:

— גאָסי, קום אַהער!

גאָסי איז צוגעגאַנגען.

— זאָג מיר, טאָכטער, זינט ווען ביסטו אַ באַלעבאָסטע פאַר זיך?

— זינט איך האָב חתונה געהאַט.

— אַזוי! שוין פינף יאָר. אַ באַלעבאָסטע. און זינט ווען האָסטו דיינע פּסח'דיקע כלים?

— זינט איך בין אַ באַלעבאָסטע געוואָרן.

— און די פענדלאַך?

— זינט דעמאָלט.

— זינט דעמאָלט! און די דאָזיקע פענדלאַך האָסטו שוין פינף יאָר גענוצט?

די אַלטע האָט אויף איר אַ שטרענגן קוק געטאָן און עטלאַכע סעקונדן נאָכאַנאַנד פון איר די אויגן ניט אַראָפּגעלאָזט.

— אַזוי, אַפילו פּסח אויך ניט!...

די אַלטע האָט מער גאָרניט גערעדט. זי האָט זיך דעם גאַנצן טאָג באַוועגט, ווי אַ שאָטן. זי האָט געטאָן אַלע אַרבעט, האָט אַלץ צוגעגרייט צום סדר און קיין וואָרט האָט זיך ניט אַראָפּגעריסן פון אירע ליפּן. עטלאַכע מאָל האָט זי דעם קאָפּ אָפּגעדעקט אָן אַ זייט און אויסגעווישט מיטן פאַרטוך אַ טרער, נאָר זי האָט זיך געהיט, אַז קיינער זאָל ניט באַמערקן.

ווען עס איז געקומען די צייט פון אָפּריכטן דעם סדר, האָט זי דערזען, אַז דער סדר איז עפּעס אַ נאָכקרימעניש. קיין היסב־בעט, קיין קיטל, עפּעס מורמלט דער איידעם אונ־טער דער נאָז פון יוצא וועגן. און די גאַנצע אַנטוישונג, די גאַנצע ביטערניש, וואָס זי האָט אָנגעקליבן אין די לעצטע עטלאַכע טעג ביי איר אין האַרצן, האָט גענומען אַרויסשווי־מען פון אויבן. זי האָט זיך פּלוצים דערפילט עפּעס גאָר אַ פרעמדע און איר האָט אָנגעכאַפּט אַ שווער בענקעניש נאָך דעם אָרימען ווינקל, וואו זי האָט פאַרבראַכט אירע לעצטע יאָרן, און וואו זי האָט זיך געפונען מיט פרעמדע מענטשן אַזוי היימיש, אַזוי נאָענט, אַזוי צוזאַמענגעגאָסן אין פריידן און אין ליידן. גרויסע טראָפּנס טרערן האָבן זיך גענומען קייקלען איבער איר הגדה, און זי האָט זיך געמוזט האַסטיק אויפהייבן פון טיש, אַריינגיין אין פאָדערצימער און אויסוויינען איר אָנגעלאָדן האַרץ...

ב. גאָרין.

# נאָך גרינס

נאָך צווייגעלאַך, קינדער, אין וואַלד לאָזט זיך גיין
און פריילאַך מיט לידער כסדר;
אַזוי ווי עס וואָלט אויף דער וועלט ניט געווען —
קיין רבי, קיין קאַנטשיק, קיין חדר.

נאָך צווייגעלאַך, קינדער, נאָך צווייגעלאַך גייט,
און פּוצט אויס די אָרימע שטיבלאַך;
דער וואַלד איז ניט ווייט, הינטערן שטעטל ער שטייט
און קוקט אַזוי ווייך, אַזוי ליבלאַך.

פאַרוואונדערט וועט ווערן דער אַלטער, דער וואַלד
וואָס טוען דאָ אידישע קינדער?
דערציילט אים: ס'איז שבועות — דערציילט עס אים באַלד;
און זאָל אים ניט זיין צו קיין וואונדער...

און זוימט זיך וואָס לענגער און רייסט וואָס מער אָן;
ניט האָט פאַר די טאַטעס קיין מורא:
היינט מעגט איר אין וואַלד זיין, מ'וועט גאָרנישט אייך טאָן —
עס איז דאָך לכבוד דער תורה!

אברהם רייזען.

# א ביסעלע גרינס

## 1.



יי אונז אין שטעטל איז קיין גרינס נישטאָ, אַחוץ דעם גלחס גרויסן גאָרטן, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַזאַ הויכן שטיינערנעם פּאַרקאַן, אַז עס איז אוממעג-לאַך געווען אין אים אַריינצוקריכן. נאָר די גרינע קעפּלאַך פון די ביימער פלעגן ווי לאַכנדיקע שיינע מיידלאַך אַראָפּקוקן צו אונז פון דער הייך און זיך גערייצט מיט אונז, אַז דאָס האַרץ פלעגט צעפּיקעט ווערן, קוקנדיק אויף זייער שיינקייט, און פילנדיק זייער גוטן ריח.

אַחוץ דעם גלחס גאָרטן, האָט זיך ניט ווייט פון אונזער חדר אויפן פלאַץ געפונען אַן אַלטער בוים, וואָס איז מיט קיין זאַך ניט געווען אַרומגעצוימט.

ער איז זיך געשטאַנען איינער אַליין, פראַנק און פריי, און יעדער האָט געקאָנט צו אים צוגיין.

ער איז געווען שטאַרקער פון אייזן, אַז ער האָט פון אונז, חדר-אינגלאַך, געקאָנט אויסהאַלטן. גלידער-ווייז האָבן מיר אים געריסן ביז וואַנען אונזערע הענטלאַך האָבן געקאָנט דערלאַנגען, ביז וואַנען מיר האָבן זיך נאָר געקאָנט אויף אים אַרויפדראַפּן... אַחוץ אונז האָבן אים געלעקט די ציגן און אַלערליי בהמות און פערד פלעגן זיך רייבן אָן זיין רוקן.

קיין גיהנום האָט דער בוים שוין ניט באַדאַרפט אויס-שטיין, אַזוי פיל איז ער פון אונז אַלע אויסגעשטאַנען!

קיין גאַנץ אבער האָט זיך אין אים ניט געפונען און ער האָט אויסגעזען ווי אַן אַלטער מאַן, וואָס האָט שוין ניט איין האָר אויפן קאָפ. און קוקנדיק אויף זיינע געציילטע איבער־שטע צווייגן פלעגט זיך אויסווייזן, אַז קיינמאָל וועט אויף זיי ניט אויסוואַקסן קיין גרין בלעטל.

ווי עס האָט זיך, אָבער, נאָר אָנגעהויבן דער נאָך־פסח, איידער וואָס, איידער ווען, איידער מען האָט זיך אַרומגע־קוקט, פלעגט זיך דער אַלטיטשקער אויספוצן, ווי איינער, וואָס קלייבט זיך אויף דער עלטער חתונה־האָבן פאַר אַ יונג מיידל . . .

אויף זיינע פאַרטריקנטע, אומגעלומפערטע צעשויבער־טע צווייגן פלעגן זיך באַווייזן יונגע בלעטלאַך, און אין די הייסע שבת'דיקע טעג פלעגט מען פון די נאָענטע הייזלאַך קומען מיט קישנס זיך צולייגן לעבן זיינע פיס און קילן זיך אונטער זיינע דריטהאַלבן צווייגן.

ווי עס איז, אָבער, געקומען נאָענט צו שבועות, האָט זיך שוין אויף אים קיין בלעטל ניט געפונען. עס זיינען געווען גרעסערע בריות פון מיר און האָבן זיך אַרויפגעדראַפעט הע־כער, ווי איך האָב געקאָנט, און מיר איז ניט געבליבן קיין גאַנץ גרין בלעטל איך זאָל האָבן מיט וואָס אויסצוקלעפן אויף שבועות די פענסטער פון אונזער שטוב.

.2

איך האָב געוואוסט, אַז אַחוץ דעם בוים, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון מיין חדר, איז נאָך דאָ אויף דער וועלט

אַ סך ביימער מיט אַ סך גרינע בלעטער, נאָר אַהין „אויף דער וועלט“, דאָס הייסט הינטערן שטאָט, וואו לעבן יעדן שטיבל איז דאָ אַ סך ביימער מיט אַ סך גרינס, האָב איך מורא געהאַט צו גיין: דאָרטן איז דאָ אַ סך שקצים׳לאַך און אַ סך הינט, און איך אַליין בין אַזאַ קליינינקער, אַזאַ שוואַכער, ווי אַזוי קען איך זיך ראַנגלען מיט זיי אַלע? און איך פלעג זיך טראַכטן: רבונו של עולם! ווען דו זאָלסט מיך מאַכן אַזוי שטאַרק ווי שמשון הגבור, אָדער אַ בר־כוכבא — וואָלט איך אַוועק הינטערן שטאָט און וואָלט זיך איינער אַליין געשלאָגן מיט דער גאַנצער מחנה שקצים און הינט, איך וואָלט זיי גובר געווען און מיט אַ פולע פאַלע גרינס און מיט בלומען וואָלט איך געקומען אַהיים און וואָלט אויף שבועות אויסגעפּוצט די פענסטער, דעם סופיט און די ווענט מיט אַזוי פיל גרינס, אַזוי פיל, אַז אַלע וואָלטן זיך געוואונדערט אויף מיין בריה׳שאַפט.

נאָר גאָט האָט ניט געוואָלט צוהערן מיין געבעט און איך פיל מיך אַזוי שוואַך ווי פריער, נאָר מיין האַרץ, ציט מיך ווי מיט צוואַנגען אַהין, אַהין, — הינטער דער שטאָט, וואו ס׳איז דאָ אַזוי פיל גרינס; און וואָס אַרט עס וועמען, אַז איך וועל אויך נעמען אַביסעלע, כאָטש אַ קליין ביסעלע איינמאָל אין יאָר אויף שבועות?

איך וועל נעמען, טראַכט איך זיך, מיין קליין שטעקעלע.

און אַזוי טראַכטנדיק, נעם איך מיין שטעקעלע, מאַך מיט דעם פראָבעס. איך בייג עס, עס צעברעכט זיך ניט, עס בייגט זיך נאָר אַזוי וויל עס איז אַ גוט שטעקעלע, אַ שטאַרק

שטעקעלע! איך וועל גיין, טראַכט איך זיך ווייטער, הינטערן שטאָט, איך וועל זיי בעטן מיט גוטן, איך וועל זיי דערציילן, אַז ביי אונז איז אַ יום־טוב, וואָס מען דאַרף צו אים האָבן גרינס, כאָטש אַ ביסעלע וועל איך בעטן ביי זיי, זיי וועלן מיר ניט אָפּזאָגן, וואָס אַרט עס זיי, קאַרג גרינס האָבן זיי?

נאָר באַלד שטעלט זיך מיר פאָר, ווי די שקצים מיט די גרויסע הינט פאַלן אָן אויף מיר, ווי מען דערזעט מיך נאָר פון דער ווייטנס.

און איך האָב אַזוי מורא פאַר הינט און פאַר אַ שייגעצל.

און אַז איך דערמאָן זיך נאָר אָן זיי, ווער איך בלאָס און הייב אָן צו ציטערן. וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? באַלד איז שבועות און קיין איינציק גרין בלעטל האָב איך ניט. אַלע אין שטוב וועלן נאָר פון מיר לאַכן, ביי אַלע אינגלאַך אין שטוב וועט זיין גרינס און ביי אונז ניט.

— אַ שיין אינגל, אַפילו קיין גרינס אויף שבועות האָט ער ניט געקענט ברענגען! וועלן מיינע שוועסטערלאַך פון מיר לאַכן.

— אַ שיינער מאַנסביל אין שטוב! — וועט די מאַמע פון מיר חוזק מאַכן, — דער טאַטע, וואָס איז אַזוי שטענדיק פאַרנומען, זאָל זיך אפשר אָפּגעבן מיט דעם גרינס?

עס איז ביי מיר געבליבן, גיין מיט מיין שטאַרק שטע־קעלע הינטער דער שטאָט.

— ניש׳קשה, — טראַכט איך מיר, — מיין שטעקל איז שטאַרק; אַז איך וועל געבן מיט דעם אַ קלאַפּ אַ הונט, וועט

ער גוט פילן, ער וועט זיך צעקוויטשען און אנטלויפן, און די שקצים׳לאך וועלן אויך מורא האבן פאר מיין שטעקעלע, און אז זיי וועלן אנפאלן אויף מיר וועל איך זיי געבן אזא קלאפ, אזא קלאפ, אז זיי וועלן מיך געדענקען.

איך האב אנגעהויבן אין דער לופט צו פאכן מיט מיין שטעקעלע, — א טייער שטעקעלע, א שטארקס.

און איך האב זיך בעת מעשה געפילט אזוי מוטיק און שטארק. איך האב זיך דערמאנט אין דוד המלך, ווען ער איז נאך יונג און א קליינינקער געוועזן און פונדעסטוועגן האט ער קיין מורא ניט געהאט פאר דעם גרויסן יארגעלעם, גלית הפלשתי, און האט אים בייגעקומען.

.3

שטאלץ און שטארק ביי זיך, האב איך זיך געלאזט ארויסגיין הינטער דער שטאט. אין דער האנט האב איך פעסט געהאלטן מיין שטעקעלע און טראכט מיר: אנו, זאל זיך מיר נאר איצטער אונטער דער האנט א דריי טאן א הונט, אדער א שייגעצל, איך וועל זיי שוין געבן, זיי וואלטן שוין דערפילט ! . . .

וואס ווייטער האב איך זיך געפילט שטארקער און עס האט זיך מיר אויסגעדאכט, אז א גאנצע מחנה הינט און שקצים׳לאך וואלט איך איצט אוועקגעלייגט. איך וואלט מיט מיין שטעקעלע דערלאנגט רעכטס, לינקס, פון פארנט און פון הינטן, און בעת-מעשה האב איך געפאכט מיט מיין שטע־קעלע אויף אלע פיר זייטן.

באַלד אָבער ווי איך האָב שוין דאָס שטעטל איבערגע־לאָזט הינטער זיך, איבערגעגאַנגען שוין דאָס בריקל, וואָס האָט זיך געצויגן איבער אונזער טייכל, און האָב פון דער וויטן דערזען די גוי׳שע שטיבלאַך, וואָס זיינען איינגעטונ־קען אין גרינס, האָב איך אָנגעהויבן פילן, ווי מיין שטעקעלע האַלט זיך שוואַך אין מיין האַנט, דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן ווי אַ זייגער, און אַ קאַלטער שוויים האָט אָנגעהויבן באַדעקן מיין פּנים.

אין מיין קאָפּ האָבן זיך שוין אָנגעהויבן דרייען מחשבות: אפשר וואָלט איך געגאַנגען צוריק, איידער אַ הונט אָדער אַ שייגעצל האָט מיך דערזען? נאָר ניין, ווער טשעפּעט מיך דען? עס איז דאָ אַזוי שטיל, אַזוי שיין, אַזוי פיל גרינס, איך וועל נאָר פון ערגעץ אָפּרייסן אַביסעלע און וועל גיין אַהיים.

און אַזוי ווי איך טראַכט, איז אַרויסגעשפּרונגען פון אונ־טער אַ פּלאָט אַ קליין שייגעצל, נאָך קלענער פון מיר, מיט אַ לאַנגען רוט אין דער האַנט און נאָך אים אַ הונט.

— אַ־הו, אַ־הו זשידעק, אַ־הו, אַ־הו! — האָט ער אָנ־געהויבן רייצן אויף מיר דעם הונט.

איך האָב אָנגעהויבן שרייען „געוואַלד" און איך האָב זיך אַזוי דערשראָקן, אַז איך בין געבליבן שטיין ווי אַ גע־לייממטער אויף אָן אָרט, נאָר ווען דער הונט האָט מיך אָנגע־כאַפּט ביי דער פּאָלע, האָב איך אים געגעבן אַ קלאַפּ מיט מיין שטעקעלע, ער האָט געגעבן אַ קוויטש און איך האָב אָנגעהויבן לויפן.

דאָס שייגעצל איז מיר נאָכגעלאָפן און האָט אויסגע־כאַפּט ביי מיר דאָס שטעקעלע... באַלד נאָך אים זיינען אַרויסגעלאָפן נאָך הינט מיט שקצים. איך האָב שרעקלאַך אָנ־געהויבן שרייען, די פּיס האָבן זיך מיר אונטערגעהאַקט און איך בין געפאַלן אויף דער ערד...

פלוצים האָב איך צווישן די שקצים דערזען מיינעם אַ באַקאַנטן שייגעצל, יאַשקע, וואָס פלעגט ווינטער־צייט אַמאָל קומען צו אונז מיט זיין מאַמען הייצן ביי אונז דעם אויוון. און איך פלעג אים אַמאָל געבן אַ שטיקל חלה פון מיין אי־בערבייסן.

— יאַשקע! — האָב איך אָנגעהויבן שרייען ניט מיט מיין קול, — יאַשקע! שלאָג מיך ניט, פאַרטרייב די הינט, איך וויל דיר נאָר עפּעס זאָגן: איין וואָרט וויל איך דיר נאָר זאָגן...

יאַשקע האָט איינגעשטילט די הינט און אָפּגעהאַלטן די שקצים.

— נו, זשידעק, זאָג!

— פאַרטרייב די הינט מיט די שקצים וועל איך דיר מאָרגן אינדערפרי אָוועקגעבן אַלע קנישעס וואָס די מאַמע וועט מיר געבן.

— מיט קעז?

— מיט קעז און מיט פּוטער, יאַשקע! אַזוי ווי איך בין אַ איד, יאַשקע, אַז איך וועל דיר געבן, קום נאָר מאָרגן פרי.

יאַשקע איז באַשטאַנען; ער האָט מיך אויפגעהויבן פון דער ערד.

— יאַשקע! לאָז מיך אַנרייסן אַביסל גרינס, — האָב איך אים געבעטן.

— ווּעסט מיר מאָרגן געבן קנישעס?

— אַזוי ווי איך בין אַ איד, אַז איך וועל דיר אַלץ אָוועקגעבן און די פּאַלירטשיקעס און כרעמזלאַך.

— וואָס איז דאָס אַזוינס? מען קען דאָס אויך עסן?

— אודאי, עס איז דאָך אויך מיט קעז און מיט פּוטער. עס איז נאָך בעסער ווי קנישעס.

— נו גוט, מאָרגן פרי וועל איך קומען.

און יאַשקע איז מיט מיר מיטגעגאַנגען און מיך אָפּגעהיט.

איך האָב אָנגעריסן גרינס אַ פולע פּאָלע און יאַשקע האָט מיר געהאָלפן.

.4

אָן מיין שטעקעלע, נאָר מיט אַ פולער פּאָלע מיט גרינס, בין איך געגאַנגען צוריק אין שטאָט.

אין דער היים האָבן מיך אַלע באַגעגנט מיט אַ שמחה.

— אַזוי פיל גרינס, אַזוי פיל גרינס! אַך, ווי עס שמעקט! ווי שיין! וואו האָסטו דאָס גענומען?

— איך בין געווען הינטערן שטאָט און האָב אָנגעריסן, — האָב איך געענטפערט מיט שטאָלץ.

די שכנים פון אונזער הויז זיינען זיך אָנגעלאָפן און געבעטן כאָטש צו שטיקלאַך צווייגן.

און איך האָב מיט גרויסקייט יעדן געגעבן צו קליינע צווייגלאַך.

און מיידלאַך און אינגלאַך האָבן מיך מקנא געווען.

דער גליקלאַכסטער בין איך דעם טאָג געווען.

דעם גאַנצן טאָג בין איך מיט מיינע שוועסטערלאַך געווען פאַרנומען מיט אויספוצן די שטוב מיט גרינס און וואָס איך האָב געזאָגט און ווי אַזוי איך האָב געפּלאַנעוועט — האָבן מיך די שוועסטערלאַך געפאָלגט...

---

דעם שבועות האָט די מילכיקע קנישעס געגעסן יאַש־קע, און איך בין געווען זאַט — מיטן גרינס אויף שבועות.

מ. ספּעקטאָר.



# ווען דער הימל שפּאַלט זיך



אַ ר מיר האָט שבועות געהאַט גאָר אַ באַזונדערן רייץ.

דער רייץ איז אָבער ניט געווען צוליב שבועות צאַצקעס, אין וועלכע איך בין געווען זייער פאַרקאָכט. איך האָב אין די לאַנגע ספירה טעג פיל מאָל אַרויסגעמאַכט זיך פון אַן אָנבייסן כדי אויף די אָפּגעשפּאָרטע עטלאַכע גראָשן ציען שבועות צאַצקעס. איך האָב זיך ניט באַנוגנט מיט די, וואָס איך האָב געקענט קויפן, און איך האָב געוואָלט האָבן אַזעלכע, וואָס איך האָב מיט די אָרימע גראָשנס ניט געקענט דערגרייכן. און די איינציקע ברירה איז געווען צו גיין אויף איינס: אָדער געווינען עפּעס רעכטס אָדער גאָר פאַרלירן.

מיר האָבן געצויגן פון אַ גרויסן אַלטע חומש, וואו די שבועות צאַצקעס זיינען געווען אויסגעלייגט אַ בלאַט איבער אַ בלאַט. אַברהם גרשון, דער שניצער פון די צאַצקעס, האָט דעם חומש געהאַלטן צווישן ביידע הענט אַזוי, אַז די בלעטער זאָלן זיין ניט צו שטאַרק צוזאַמענגעקוועטשט און אין דער זעלביקער צייט ניט צו לויז, אַז מען זאָל קענען מאַכן עפּעס סימנים. דער ציער האָט געהאַלטן אַ מעסערל און מיטן קלינגל אַריינגעשטאָכן צווישן די צוויי בלעטער. נאָך עס רעדט זיך אַריינגעשטאָכן. יעדער שטאָך האָט געקאָסט צוויי גראָשן, וואָס האָט אָפּט פאַרן אינגל באַדייט אַ גאַנצער אָנבייסן אָדער וואַרעמעס, און דאָס אינגל האָט אַזוי גיך דאָס

מעסערל ניט אריינגעשטאכן און עס האט זיך אנגעהויבן א דינגעניש. דאס אינגל האט גע׳טענה׳ט, אז די בלעטער זיינען צו שטייף צוזאמענגעדריקט און מען קען דאס מעסערל ניט אריינשטעקן, זיין כונה דערביי איז געווען, אז די בלעטער זאלן זיין לכל הפחות, אזוי אפן, אז מען זאל קענען כאפן א בליק, צו עס שטעקט דארט א שבועות צאצקע צי ניט.

דער אמת׳ער רייץ איז געווען אין „תיקון שבועות״.

איך האב געוואוסט, אז אין דער דאזיקער נאכט, ווען מען זאגט „תקון שבועות״ שפאלט זיך דער הימל. איך האב געוואוסט, אז אזוי ווי די שפאלטונג פון הימל געדויערט ניט מער ווי א רגע, איז דער בעסטער וועג צו ברויכן די קורצע צוויי ווערטער „כל טוב״.

נאר ניט די מאטעריעלע גליקן, וואס מען האט געקענט פארשטיין אונטער די ווערטער „כל טוב״ האבן מיך אינטע־רעסירט. און דער אמת איז, אז ביי מיר איז געווען פעסט בא־שלאסן צו האלטן דאס מויל שטייף פארמאכט און ניט ארוים־ברענגען קיין קלאנג. איך האב געוואוסט, אז מען קען דערביי כאפן אמאל א מיאוס׳ן פסק און איך האב ניט געדארפט איינשטעלן. מיר איז געווען וואויל ווי די וועלט און קיין בע־סערס האב איך אפילו ניט געוואוסט צו ווינטשן.

אבער די שפאלטונג פון הימל אליין איז געווען גענוג ארומצוריינגלען דעם יום־טוב און דעם „תקון שבועות״ מיט א זעלטענעם רייץ. עס איז געווען אזוי מורא׳דיק די ערווארטונג צי זען ווי דער הימל שפאלט זיך. איך האב זיך אפילו ניט גע־קענט משער זיין, וואס די שפאלטונג וועט אנטפלעקן, נאר

דאָס איז געווען אַזוי סודות׳דיק, אַז דער פאַרלאַנג צו זען דעם געשפּאָלטענעם הימל האָט איבערגעשטיגן אַלץ.

שוין ביי דער סעודה דעם ערשטן אָוונט שבועות בין איך געזעסן אויף שפּילקעס ביים טיש. דער טאַטע, דער עלטערער ברודער, האָבן צווישן איין געריכט און צווייטן געזוכט אַריינ־צוכאַפּן אַזוי פיל „תקון" ווי נאָר עס האָט זיך געלאָזט, נאָר איך האָב געוואָלט זיין וואָס גיכער אין קלויז. איך האָב פאַר־שטאַנען, אַז די שפּאַלטונג וועט מען גיכער זען אין קלויז ווי אין שטוב.

אין קלויז איז געווען אַ קליינער עולם און בשעת זיי זיי־נען געזעסן איבערן „תיקון שבועות", בין איך געשפּרונגען פון איין פענסטער צום צווייטן און געקוקט אויפן הימל.

מיינע יונגע נערוון זיינען געווען אָנגעצויגן, און מיין אומגעדולד און אומצופרידנהייט מיט די עלטערן איז גע־וואַקסן. מיט יעדער שטונדע שפּעטער איז דער קליינער עולם אַלץ קלענער געוואָרן אַרום טיש, און אַלע ווייל האָט זיך איינער אויפגעהויבן און פאַרשטעקט זיך אין אַ ווינקל כאַפּן אַ דרעמל.

— שפּאַר זיך צו אַ ווײַלע, — זאָגט צו מיר דער טאַטע מיט אַ רחמנות, געמישט מיט שטאָלץ אין זיין קול.

איך בין זיך מודה, איך האָב אויף אים אויך אַ קוק גע־טאָן מיט רחמנות. ווי קען מען גאָר אין אַזאַ צייט טראַכטן וועגן צושפּאַרן זיך!

עם האָט מיר אויסגעדאַכט, אַז אַ גאַנצע אייביקייט איז

אריבער. איך בין ענדלאך צוגעגאנגען צום טאטן און גע־
פרעגט:

— ווען עפנט זיך דער הימל?

אזוי ווארטן איז געווען איבער מיינע כחות. איך האב
געמוזט האבן א באשטימטע צייט.

— יעדע רגע קען עס געשען, מיין קינד, — ענטפערט
ער מיט א פרומען קול און זיין בליק ווערט פארטראכט.

איך הייב אן צו מאכן סברות, אז מסתמא איז דאס ניט
אזוי גרינג צו זען, ווי דער הימל עפנט זיך. עס וואלט אנ־
געקומען ניט אזא קליינער עולם, און די פארזאמלטע וואלטן
זיך אזוי־גרינג ניט געלאזט פאנגען פון שלאף, ווען דאס וואלט
געווען אזוי גרינג אפצוהיטן. אפשר האט זיך שוין דער הימל
געשפאלטן און איך האב ניט באמערקט.

— טאטע! — רוף איך פלוצים אוים אין דער הויך, —
טאטע, קום אהער! קום אהער! זע דארטן! דארטן!

דער טאטע איז צוגעקומען צום פענסטער, א קוק געטאן
צום מזרח זייט, וואו איך האב אנגעוויזן און מיט א דומפן קול
געזאגט:

— יא, מיין זון, עס הייבט שוין אן צו טאגן.

הגם עס איז געווען איינס פון די גרעסטע פארגעניגנס
מיינע צו דאווענען דעם ערשטן טאג שבועות מיטן ערשטן
מנין, איז מיר איצט מיין פארגעניגן געשטערט געווארן און
א טיפע קלעמעניש האט אנגעפילט מיין יונגע הערצל, און
ערשט ווען עס איז געקומען צו אקדמות האב איך זיך צוריק
גענומען דורכדרינגען מיטן גייסט פון יום־טוב.

# איכה

ס׳נעמט מיך דורך דער אַלטער טרויער
אין דעם ניינטן אָב ביינאַכט ;
כ׳הער עס פאַלט פון שטאָט דער טויער
און עס פלאַקערט אויף די שלאַכט.

ווי צערייצטע חיות לויפן
אין דער שטאָט דעם פיינדס חילות ;
און אין זייער ווילדן לאַכן
ווערט פאַרטויבט דעם פאָלקס יללות.

כ׳זע אַ העליש־רויטן פייער
שלאָגט זיך אָפּ אויף טויזנט מיילן,
און עס טראָגן זיך פון פונקען
ביז צום הימל דיקע זיילן...

וואָס דערוואָרבן האָט יהודה
דורך פיל יאָרן לאַנגע, שווערע,
זע איך ווערט פאַרוויסט, פאַרניכטעט
מיטן לעבן, מיט דער ערע...

ס׳נעמט מיך דורך דער אַלטער טרויער
אין דעם ניינטן אָב ביינאַכט —
אויף דער ערד, דעם קאָפּ געבויגן,
זיץ איך אבל׳דיק, פאַרשמאַכט...

אברהם רייזען.

# תשעה־באָב

## א.

די זון האָט נאָך געוואָרפן אַן אָפּגלאַנץ אויף די דעכער פון שטעטל, אויפן האַלבן קלאָץ, וואָס שטייט אין מיטן מאַרק; נאָך באַגילדט די שויבן פון דעם גרויסן איינפאָרהויז, וואָס שטייט אין אָנהויב שטעטל. אין מערב זייט, אָבער, האָט שוין די רויט־גאָלדענע זון גע׳גוס׳עט און אַ שווערער וואָלקן, וואָס האָט זיך קאַלט־בלוטיק געטראָגן פון יענער זייט שטאָט, האָט איר פלאַמענדיק אויג באַצויגן, ווי מיט אַ גרויער הויט. די פילע ליכטיקע שטראַלן וואָס בלאַנדזשען נאָך אין מאַרק, זיינען ווי די ליכטיקייט פון אַ לאָמפּ, מיט אַן אַראָפּגעדרייטער קנויט.

אין העלן טאָג הייבן זיך אָן אין דער גאַס די געוועלבער צו פאַרמאַכן; איינציקווייז, איינציקווייז... און יעדעס געוועלב, יעדעס געוועלב, ווי עס פאַרהאַקן זיך נאָר די טויערן, ווי עס ווערן פאַרשוואונדן די פאַרשידענע פאַרביקע שילדן, און אויף זייער אָרט באַווייזט זיך אַ שוואַרצער פלעק אויף דער ליידיקער מויער, זעט עס אויס ווי אַ ליכטל, וואָס ווערט פלוצים אין אַ ליכטיקער, העלער באַלויכטענטער שטוב אויסגעלאָשן... און באַלד נאָך אַ ליכטל און נאָך אַ ליכטל און פינסטער ווערט דאָס, עפּעס ווי אַ גאַסט וואָס פאַרלאָזט דעם חתונה־זאַל; באַלד נאָך אַ גאַסט, און נאָך איינער... און עס גנב׳עט זיך אַריין אַן אומעט...

דערווייל זיינען נאָך די אידן אין די שטיבער פאַרזאַמלט,

כאַפּן אַריין דעם לעצטן ביסן און מאַכן זיך גרייט, מיט אַ טרויעריק פּנים זיך צו נעמען צו דער „איכה“. אין דער גאַס איז שטיל, — די הייזלאַך שטייען אַרום דעם מאַרק און שווייגן, וואַרטנדיק אויף עפּעס.

באַלד טרעט אַרויס פון ערגעץ אַ הויז אַ דאַרער, הויכער, געלער איד. זיין איינגעטריקנטער גוף טראָגט זיך אין אַ ברייטן, ווייסן כאַלאַט, איבער דעם קאָלנער ציט זיך אַרום אַ הויכער, דאַרער האַלז אויף וועלכן עס באַוועגט זיך אַ לאַנג אויסגעצויגן פּנים, מיט געלע האָר, אַ געלע באָרד און אַ לאַנגע בלייכע נאָז. פון אונטער די פּאָלעס ציען זיך צוויי לאַנגע פיס אַרויס, אָנגעטאָן אין ווייסע זאָקן, אָן פּאַנטאָפל, און דער איד אין די זאָקן גייט, אונטערשפּרינגענדיק אַלע ווײַלע, בשעת ער טרעפט אויף אַ שפּיציקן שטיין. ער טראָגט אין דער האַנט אַ ספר׳ל, אָן טאָוולען און ער קוקט אין די פענסטער אַריין, רוימט עפּעס איין, ווי אַ מין שול-קלאַפּענס.

באַלד באַווייזט זיך נאָך אַ איד און נאָך אַ איד און נאָך אַ איד. פון יעדן הויז לאָזן זיך אַרויס קופּקעס אידלאַך אָנגעטאָן אין צעריסענע קאַפּאָטעס, אין ווייסע זאָקן, ווי די אבלים. און אַלע לאָזן זיך צום ראָג פון שול-געסל.

און וואָס אַמאָל ווערט עס שטילער, טונקעלער. אָט דאַכט זיך, וועט אַ מין לויה פון אַ גרויסן רב דורכגיין דורך דעם מאַרק.

אין מיטן מאַרק ביים ברונעם שטייען נאָך אַ קופּקעלע בעלי-בתים, בחורים און כאַפּן דעם לעצטן טרונק פאַרן

תעטית. די עלטערע בעלי־בתים, נעמענדיק די שעפּערס צו די ליפּן, וואַרפן אַ בליק אין הימל אַריין צו האָט אַ שטערן זיך ניט פּלוצים שוין באַוויזן.

און פון דער צווייטער זייט געסל, דאָרט פון אונטער דעם ראַט־הויז, פון וועג וואָס פירט צום בית־עולם, קומען צולויפן אַ חברה קונדייסים. זיי האַלטן בערעלאַך אין די הענט און שיסן איינער דעם צווייטן.

און שטיל ווערט אויך אין שול־געסל. די זון איז שוין לאַנג אַרונטער אונטער דעם ראַט־הויז, אויף דעם וועג וואָס פירט צום בית־עולם צו. אידן האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט אין דער שול, אין בית־מדרש. צייטנווייז באַווייזט זיך אַ אי־דענע וואָכעדיק געקליידט, האַלט אַ גראָבן ספר אונטערן אָרים און אַ ליכטל אין דער האַנט און גייט מיטן קאָפּ אַראָפּ־געבויגן. די נידעריקע הייזלאַך אין געסל, אַזוי ווי זיי וואָלטן מורא האָבן אַליין צו שטיין, אָן אידן, אָן תורה — קאָרטשען זיך עפּעס איין, און עס דוכט זיך, זיי האָבן זיך צום רבי'נס נידעריקן הייזל צוגעבויגן: אָן עצה זיך צו האַלטן, וואָס צו טאָן אין אַזאַ עת־צרה?

אין דעם געסל גייט זיך מאַטשעק פון דער פּאַשע אַהיים. די קי מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ לאָזן זיך פּאַר אַלע. און ער, מיט זיין באַהעלפער דעם הונט פון הינטן, שפּילט זיך אויף זיין פייפל, ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן.

ב.

נאַכט. שטיל איז אין דער שול־גאַס. די לאָדנס זיינען פאַרמאַכט, די טויערן פאַרשלאָסן, די לבנה, איינע אַליין בלאָנ־

דזשעמט אַרום אויבן אין דער הויך אויפן הימל, איבער אונ־זערע קעפּ, און זי קוקט אַראָפּ אין שול־געסל, און זי שווייגט. הינטן ערגעצוואו, פון אַ שפּאַלט פון אַ לאָדן, לאָזט זיך הערן אַ וויינענדיקער ניגון, וואָס גיסט זיך שטיל אַריין אין געסל, עפּעס ווי פאַר זיך, גלאַט אַזוי — אַ ניגון אָן אַ פּרעטענזיע, אָן אַ שום זאַך, — און ער שוועבט דורך דער גאַס, שווימט אַוועק, און ער ווערט פאַרטינקט ווייט — ערגעץ אין געסל, דאָרט, נאָך דעם ראָט־הויז. אויף דעם וועג וואָס פירט צום בית־עולם. פון אַ שפּאַלט פון דעם רבי'נס לאָדן שיינט נאָך אַרויס דאָס שטילע יאָר־צייט ליכט, פאַר אַ הייליקער נשמה וועגן, און אינעווייניק ביים רבי'ן שווייגט מען.

די לבנה וואַרפט אַ קאַלטן שטראַל און באַשיינט קאַלט די גרויסע שויבן פון בית־המדרש; אינעווייניק איז פינס־טער, און עס רודערט זיך עפּעס אין דער שול. אויף די טרעפּ־לאַך פון בית־המדרש, ליגן עפּעס, מענטשן, צי מתים, די קעפּ פאַרנורעט, די הענט פאַרלייגט איינע אויף די אַנדערע, זיי ליגן שטיל, די לבנה שווימט פאַרביי, וואַרפט אַ קאַלטן שטראַל אויף די ליגנדע. די שול איז פאַרמאַכט, מיט דער שווערער טיר פאַרהאַקט, אַזוי ווי מען וואָלט אינעווייניק עפּעס וואָס אַריינגעכאַפּט און מען לאָזט נישט אַרויס... נאָר פון אַ קליין פענסטערל ערגעץ אין אַ ווינקעלע ביי דער טיר, דאָרט וואו די חברה־תהלים איז, שטראַלט אַרויס אַ שוואַכע ליכטיקייט, דער שיין שפּיגלט זיך אָפּ קאַלט, ווי פאַר־טרונקען אין דער פינסטערניש אויף דעם געמויערטן קלאָץ, וואָס שטייט פאַר דער שול, אונטערשפּאַרנדיק דעם גאַניק

פון דער ווייבערשער שול. אינעווייניק אין דער חברה־תהלים זיצט עפּעס אַ מענטש אויף דער ערד און ביי דער שיין פון אַ קליין ליכטל קוקט ער אין אַן אָפן ספר אַריין און ער שווייגט...

ביי דער רבי׳צן אין עסצימער האָבן זיך די כלי־קודש־ווייבער פאַרזאַמלט. טונקל איז אין שטוב, באַלעבאַט פון שאָטן. און אויף דער ערד, אויסגעבעט מיט קישנס, זיצן אַרום ווייבער, האַלטנדיק אין די אָרימס די שלאָפנדיקע קינדער, און האָרכן זיך איין צו דער כשר׳ער, פרומער רבי׳צנס קול, וואָס זיצט אין מיטן פון קרענצל. אויף אַ שטול איז אויסגעשפּרייט דער „צאינה וראינה“, באַלויכטן פון דעם פאַרויכערטן קיך־לעמפּל, און די רבי׳צן, מיט אַ וויינענדיקער, הייזעריקער שטימע, דערציילט די מעשה מיט חנה׳ן און אירע זיבן זין.

אין בית־דין־שטוב ביים רב, איז די אייגענע האַלבע פינסטערקייט. אויף דעם טיש ברענט זיך אַ יאָרצייט־ליכט, אַריינגעשטעקט אין אַ שעפּל פול מיט זאַמד, און פון דעם ליכט טריפט דער חלב אין זאַמד אַריין. אויף דער ערד אין אַ ווינקל, צווישן צוויי פּאָליצעס, וואָס זיינען אָנגעשטעלט מיט סְפרים, זיצט דער רב. טיילמאָל בלאָזט אַ ווינטל, עמיצער שפּאַצירט דורך דער שטוב דורך, ווי אַ שווערער שאָטן, און דער רב באַהאַלט דאָס פּנים צווישן די פּאָליצעס ספרים און שווייגט.

שלום אַש.

# שטייט אויף צו סליחות

.1



פ י נ ס ט ע ר ע  נאַכט. עס איז פינסטער אויך אין אַלע הייזלאַך. פון קיין איינציק פענסטער לייכט זיך ניט, אומעטום איז פאַרמאַכט טיר און טויער. עס גייט אַ דריבנער, נאָר אַ קאַלטער רעגן. אַ ווינטל בלאָזט און פרואווט אויסרייסן די קראַקוועס פון די אַלטע דעכלאַך, וואָס זיינען גערעקט מיט שטרוי, שינדלען און מיט אַלטע צעבראָכענע טשערעפּעס. מינוטנווייז רייסט דער ווינט אַרויס פון אַ דאַך אַביסל שטרוי און פליט דערמיט אַרום איבער דעם שטעטל מיט אַזאַ פריילאַך געסוויסטשעריי, ווי גלייך גאָט וויים וועמען ער האָט דאָ גובר געווען און וואָס פאַר אַ טייערע מציאה ער האָט דאָ דערטאַפּט — מער ניט ווי נאָך אַ לאָך געמאַכט אין אַ אידיש אָרים שטיבל. נאָך אַ פּאָר אַזוינע לעכער — און דער ווינט וועט זיך דערשלאָגן צו די, וואָס וואוינען אונטער די לעכערדיקע דעכלאַך...

דער ווינט רייסט אַמאָל אַראָפּ פון אַ דאַך אַ פוילן שינדל אָדער איין טשערעפּ וואָס פאַלט מיט אַ רעש אויף דער ערד, אָבער קיינער הערט ניט, אַלע שלאָפן. נאָר פאַרהאָרעוועטע, פאַר'צרות'טע אומגליקלאַכע קענען אַזוי דער'הרג'עט שלאָפן און גאָרניט הערן. מאָרגן וועט זיי די נויט, דער הונגער פון ווייב און קינדער ווייטער אויפרייסן פון זייערע איינציקע גוטע מינוטן — פון שלאָף, אַז זיי זאָלן ווייטער ווי פאַר'סמ-

טע לויפן נאָך אַ גראָשן פאַרדינסט אויף אַ שטיקל ברויט, מען זאָל ניט שטאַרבן פאַר הונגער, דערהאַלטן ווי אַזוי עס איז די נשמה.

עס איז שפּעט אין דער נאַכט. וואָס ווייטער ווערט נאָך פינסטערער און דער רעגן מיט דעם ווינט וואָיען נאָך שטאַרקער. פּלוצים האָט זיך אין אַ פענסטער פון אַ הויז אַ שיין געוויזן און אין נאָך עטלאַכע מינוטן איז אין אַלע פענסטער ליכטיק געוואָרן.

פון דעם באַלייכטעטן הויז איז אַרויסגעגאַנגען אַ לאַנגער, דאַרער איד מיט אַ גרויער ווייסער באָרד, אָנגעטאָן אין אַן אַלטן לעכערדיקן פעלץ, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ גראָבן שטריק און מיט אַ לאַנגען שווערן שטעקן אין די הענט. דער ווינט האָט זיך באַלד אַריינגעכאַפּט אין די לעכער פון זיין פעלץ.

— אוי, ווי עס בלאָזט, אַ בייסנדיקע קעלט, — האָט פּייוויש דער שמש געזאָגט, — זייער גוט וואָס איך האָב אָנגעטאָן מיין פעלץ.

ביים ערשטן שטיבל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, פאַריסן דעם קאָפּ און מיט אַ ווילדן ניגון און מיט אַ הייזעריק קול אָנגעהויבן שרייען:

— שטייט אויף!... שטייט אויף, אידן, צו סליחות!!...
ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין שטעקן אין אַ לאָדן און הוסטנדיק און קרעכצנדיק איז ער ווייטער געגאַנגען איבער דער שטאָט, זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדן שטיבל, געשריען מיט

**א ניגון „שטייט אויף" און אַנגעקלאַפּט אין די לאָדן. און דער ווינט מיט דעם רעגן האָבן ווי משוררים אונטערגעהאַלטן דעם שול-שמש מיט זייער פּייפן אין דער פינסטערער נאַכט.**

.2

— אַ... אַ... סליחות... האָט זיך וועלוול דער מלמד אויפגעכאַפּט פון שלאָף, ווען ער האָט דערהערט דעם שמש רופן און קלאַפּן צו סליחות, און האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ, וואָס האָט אים ווי געטאָן פון זיין שווערן אומרואיקן שלאָף. ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער שטוב. אין אַ ווינקל האָט געברענט אַ קליין לעמפּל צוליב דעם קראַנקן קינד; אַקעגן איז אויף אַ צעבראָכן בעט געלעגן זיין ווייב שיינדל מיט צוויי קינדער, איינס לעבן דער ברוסט און דאָס צווייטע, אַ מיידעלע פון אַ יאָר פינף, צופוסנס. מיט אים אין בעט איז געשלאָפן אַ אינגל פון אַ יאָר אַכט; אויף דער ערד זיינען געלעגן אויף אַ שטרויענעם זאַק צוויי עלטערע קינדער. דאָס קראַנקע קינד, אַ אינגעלע פון אַ יאָר דריי, איז געלעגן אויסגעמאַטערט אויף צוויי בענקלאַך און שווער גע־אָטעמט. שיינדל איז געשלאָפן, ווי אַ גע׳הרג׳עטע מיט איין האַנט און מיט אַ האַלבן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט פון בעט.

וועלוול האָט זיך אומגעקוקט איבער דער גאַנצער שטוב און דערנאָך אָפּגעשטעלט זיינע צעמישטע אויגן אויף שיינד־לען.

— אומגליקלאַכע! — האָט ער אָנגעהויבן רעדן צו זיך, זעענדיק ווי איר פּנים איז געל ווי וואַקס און אַליין איז זי

הויט און ביין, — און פון וואָס זאָל זי בעסער אויסזען? איי־
נע אליין אויף אַ גאַנצער שטוב! אַרבעטן און אַרומטאַנצן,
קאָכן, באַקן, יעדן אַרומנייען, אַרומלאַטען און דעם לעצטן
טרוקענעם ביסן אָוועקגעבן פון רחמנות די הונגעריקע קינ־
דער; זויגן אַ פּיצל קינד, זיך ניט צוזעצן אַ גאַנצן טאָג אויף
אַ מינוט ביז זי פאַלט צו בעט, ווי אַ דער׳הרג׳עטע.

ער האָט זיך פּלוצלונג אַנידערגעזעצט אויף זיין בעט. ער
האָט דערפילט אַ גרויסן ווייטיק אין הארצן און ווי דער קאָפּ
שפּאַלט זיך אים אויף צוויייען.

— איך וועל ניט אויסהאַלטן, איך קען ניט צוזען ווי מיין
ווייב און קינדער ליידן אַזוי, אָרים, נאַקעט און קראַנק, און
וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין ווייטער? אָפּגעקנעלט אַ
גאַנצן זמן, עס גייען אַזוינע ימים טובים, עס הייבט זיך אָן
אַזאַ לאַנגער ווינטער, אַלע זיינען נאַקעט און אַפילו אויף
מאָרגן איז ניטאָ קיין שטיקל ברויט, און חייקל דער וואָכער־
ניק לאָזט מיך ניט לעבן איך זאָל אים געבן זיין רובל די וואָך.

— שטייט אויף!... שטייט אויף, אידן, צו סליחות!
— האָט וועלוול ווידער דערהערט ווי פייוויש שרייט און
קלאַפּט.

וועלוול האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— כאַ, כאַ, כאַ! צו די סליחות, וועקט מיך פייוויש, איך
זאָל גיין בעטן און תשובה טאָן, מען זאָל מיר מוחל זיין פאַר
מיינע זינד פון אַ גאַנץ יאָר. מען זאָל מיר מוחל זיין מיינע
גרויסע זינד — וועלכע זינד? איך האָב ניט קיין זינד! —

איך האָב ניט! איך פייניק זיך און מוטשע זיך מיין גאַנץ לעבן.

— שטייט אויף!... שטייט אויף, אידן, צו סליחות! הערט ניט אויף פּייוויש צו שרייען אין דער פינסטערער נאַכט.

— ניין, ליבער פּייוויש, איך וועל ניט אויפשטיין צו סליחות, — האָט וועלוול גערעדט צו זיך, — גיי, פּייוויש, ווייטער, גיי רופן צו סליחות ר׳ חייקלען דעם פּראָצענטניק, מיין וואָכערניק, וואָס שינדט פון אונז די הויט, גיי צום בעל־טאַקסע, וועמען עס לעבט זיך אַזוי גוט אויף דער וועלט; גיי צו די אַלע, וואָס קענען שווינדלען, דרייען, ראַבעווען, גזל׳־ענען און פרעסן און זויפן און לעבן אַ גוטן טאָג אויף דער וועלט, קיינמאָל ניט באַטראַכטנדיק מיט וואָס פאַר אַ מיטל זיי פאַרדינען געלט; גיי צו די וואָס הערן קיינמאָל ניט די אָרימע לייט, וואָס האָרעווען אויף זיי, וויינען און קלאָגן אויף זייערע קעפּ און שטאַרבן איבער זיי פאַר דער צייט; צו די אַלע גיי, ליבער פּייוויש, וועקן צו סליחות! אָבער ניט צו מיר — איך האָב נישט אויף וואָס צו בעטן. גאָט ווייס, אַז איך האָב קיין איינציקע גוטע מינוט ניט געהאַט. נאָר פּיין און צרות, אויף וועלכע־זשע זינד האָב איך צו בעטן מען זאָל מיר מוחל זיין?

וועלוול האָט ווידער אַ קוק געטאָן אויף זיין ווייב און און האָט זיך מיט די הענט אָנגעכאַפּט אָן קאָפּ.

נאָר ווי אַ מת זעט זי אויס; און ווי שיין, ווי געזונט איז זי אַמאָל געווען!

שיינדל האָט זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט פון שלאָפן.

— וועלוול, מען האָט שוין געקלאַפּט צו סליחות?

— מען האָט שוין דריי מאָל געקלאַפּט.

— שוין דריי מאָל? — האָט זי זיך גיך אויפגעזעצט אויף דעם בעט, — פאַר וואָס־זשע האָסטו מיך ניט אויפגעוועקט? וואָס זיצסטו? וואָס ביסטו ניט געגאַנגען צו סליחות?

— איך וועל ניט גיין, איך האָב ניט וואָס צו גיין, און דו גיי אויך ניט, לייג זיך צוריק שלאָפן.

— וואָס הייסט דו וועסט ניט גיין? אַלע יאָר פלעגן מיר גיין, אַפילו פון דאָרף פלעגן מיר פאָרן אין שטאָט צו סליחות, און איצטער פּלוצים...

— איך האָב ניט וואָס צו גיין, מיר האָבן ניט קיין זינד, מיר האָבן ניט אויף וואָס צו בעטן, מען זאָל אונז מוחל זיין.

— ווי איז מיר! וואָס רעדסטו, וועלוול? זאָל אונז גאָט נאָר מוחל זיין, וויפיל מיר זינדיקן! איצט איז אַזאַ צייט וואָס אַפילו אַ פיש אין וואַסער ציטערט און דו ווילסט אַפילו ניט גיין צו סליחות.

— „מיר זינדיקן", זאָגסטו? — האָט וועלוול אָנגעהויבן שרייען ניט מיט זיין קול און איז אַ נאַקעטער אַראָפּ פון בעט, און אָנגעוויזן אויף די קינדער, — קוק אָן אָט די אומגליקלאַכע, קוק אָן זיך אַליין, קוק אָן וואָס פאַר אַ פּנים איך האָב; ניין, מיר זענען ניט אוים ווי קיין זינדיקע, נאָר ווי אומגליקלאַכע! ניין, איך וועל אים ניט גיין בעטן. ער האָט אויף אונז קיין רחמנות... ער האָט פון אונז אַ תל געמאַכט... וואָס וועל איך טאָן? וואָס וועלן טאָן אונזערע קינדער, די וואָס ער

האָט אויף דער וועלט באַשאַפן, אַז זיי זאָלן זיך מוטשען... ערגער קען שוין ניט זיין...

— ווי איז מיר, און ווינד איז מיר! וואָס רעדסטו וועלוול? מעג מען אַזוי רעדן אויף גאָט? — האָט שיינדל אָנגעהויבן ברעכן די הענט, — וואָס איז מיט דיר פּלוצים גע־וואָרן? גאָט קען נאָך העלפן, מען דאַרף אים בעטן, ער זאָל אונז מוחל זיין אונזערע גרויסע זינד און בעטן און וויינען פאַר אים, ער זאָל אונז געבן אַ גוט יאָר מיט געזונט און פּרנסה און מיט אַ גוט קוויטל. אַט קומען אָן טעג, וואָס אַ פיש אין וואַסער ציטערט, אַט גייט ראש־השנה, יום־כּפּור... מיר דאַרפן נאָר גאָט בעטן...

— ניט ראש־השנה, ניט יום־כּפּור... מער בעט איך ביי אים גאָרניט... ערגער קען שוין ניט זיין. שוין צוויי טויזנט יאָר, אַז מיר בעטן אים... און ווערן אַלץ פאַרשוואַרצט, מען בראָט און מען ברענט אונז... שפּאַניען... אַנטיסעמיטן... מיר דערגייען... ערגער קען שוין ניט זיין... וואָס קען ער אונז נאָך ערגערס טאָן?

ביי די לעצטע ווערטער האָט וועלוול אויסגעשריען מיט אַ ווילדן קול און איז אַרומגעלאָפן איבער דער שטוב נאַקעט און מיט ביידע הענט זיך געקלאַפּט אין זיין אויסגעטריקנטן האַרץ, פון וועלכן עס האָבן זיך אַרויסגעזען די ביינער. זיין פּנים איז געוואָרן ווייס, אָן אַ טראָפּן בלוט. זיינע אויגן האָבן אויסגעזען גרעסער און משונה'דיק געקוקט אין איין ווינקל.

— ווי איז מיר, וועלוול, וואָס איז מיט דיר, וואָס רעדסטו פאַר ווערטער. ווער מיר „צוויי טויזנט יאָר". וואָס מיר „שפּאַ־

ניען״? וועלכע „שמיטן״, וואָס רעדסטו, פון זינען? — האָט שיינדל אָנגעהויבן שרעקלאָך וויינען, געעפנט די טיר אויף דער גאַס און געמאַכט אַ גרוים געוואַלד, מענטשן זאָלן זיך אָנלויפן.

אידן און ווייבער, וואָס זיינען געגאַנגען צו סליחות, זיי־נען זיך אויף דעם געשריי אָנגעלאָפן. מען האָט געבראַכט דעם רופא, ער האָט וועלוולען געשטעלט באַנקעס, געלאָזט דעם אָדער און אריינגעלייגט אין בעט.

אויף מאָרגן האָט מען אומעטום אין שטעטל גערעדט וועגן דעם אומגליק, וואָס וועלוול דער מלמד איז פלוצים, פאַר קיינעם געדאַכט, משוגע געוואָרן. יעדער האָט געקרעכצט און געזיפצט קוקנדיק אויף שיינדלען.

דעם רופא׳ס „באַנקעס שטעלן״ און „אָדער לאָזן״ האָט ניט געהאָלפן; וועלוול איז גאַנץ ראש־השנה, יום־כפור און אַלע ימים־טובים אַרומגעלאָפן איבער דער שטאָט און גע־רעדט אַזוינע ווערטער, וואָס קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען.

שמחות־תורה האָט ער געלאַכט פון די אידן וואָס זיינען פריילאָך און טאַנצן.

— וואָס איז מיט זיי די שמחה, אומגליקלאַכע! — פלעגט ער שרייען, — מאָרגן דאַרפט איר שטאַרבן פאַר הונ־גער און אויספרירן פאַר קעלט.

נאָך יום־טוב האָבן זיך פרומע ווייבער צונויפגעלייגט און מען האָט אים אַרומגעפירט צו גוטע אידן, צום טאַטער און עס האָט ניט געהאָלפן; די גוטע אידן האָבן געזאָגט. „אַז

דאָס משוגעת דאַרף אויסשטיין", און דער טאַטער האָט אים אַרומגערויכערט מיט פאַרשידענע קרייטעכצער.

דאָס גאַנצע יאָר האָט דאָס שטעטל פון דעם משוגענעם געליטן: חנוכה, ווען דער בעל־טאַקסע האָט געשפּילט מיט חברה אין קאָרטן און געגעסן הייסע רעטשענע לאַטקעס, פלעגט זיך וועלוול שטעלן לעבן זיינע פענסטער און שרייען:

— שטייט אויף! — שטייט אויף צו סליחות!...

ראש־חודש שבט אין די גרעסטע פרעסט פלעגט ער זיך ביינאַכט שטעלן לעבן די פענסטער פון די שטעטלשע אַנטי־סעמיטן, וועמען ער האָט צו פאַרדאַנקען, וואָס ער איז פון דאָרף אַרויסגעפאָרן, און שרייען:

— שטייט אויף!... — שטייט אויף צו סליחות!

פּסח, ווען חייקל וואָכערניק איז געזעסן ביים סדר אַרומגעשטעלט מיט גוטע וויינען ביי דעם באַפּוצטן טיש מיט זילבערנע און גילדערנע משכנות, האָט זיך וועלוול דער משוגענער געשטעלט לעבן זיין פענסטער און געשריען:

— שטייט אויף! שטייט אויף צו סליחות!

אַזוי האָט וועלוול דער משוגענער געוועקט צו סליחות אַלע אייגענע און פרעמדע שונאי־ישראל, וואָס האָבן געוואוינט אין שטעטל.

עס איז ווידער געקומען דער חודש אלול מיט זיינע קילע נעכט. צו די ערשטע סליחות איז ווידער געגאַנגען אַ רעגן און אַ קאַלט ווינטל האָט געטריבן, אומעטום איז געווען פינסטער, אַלע זיינען שוין געשלאָפן. שפּעט אין דער נאַכט האָט פייוויש דער שמש אָנגעצונדן די מעשענע הענגלייכטער

אין בית-המדרש, ווידער אָנגעטאָן זיין לעכערדיקן פעלץ און
ט זיין לאַנגען שטעקן אַרויסגעגאַנגען אין גאַס וועקן און
אַפן צו סליחות. נאָר אין דער פינסטערער נאַכט האָט פיי־
ש מיט שרעק פלוצים דערהערט, ווי אַן אַנדער קול שרייט
לד:

— שטייט אויף, שטייט אויף צו סליחות!

וועז דאָס ווילדע קול איז שטיל געבליבן, האָט פייוויש
געהויבן וועקן און קלאַפן, זיך אָפּשטעלנדיק ביי יעדער
שטוב.

— שטיי פייוויש! — האָט אים עמיצער אָנגעכאַפּט ביי
דער האַנט, — דאָ וועק ניט, לאָז זיך אויסשלאָפן די הונגע־
ריקע פאַרמוטשעטע.

— אַוועק משוגענער! — האָט פייוויש מיט זיין שטעקן
אַוועקגעטריבן וועלוועלן און זיך ווייטער געגאַנגען זיין גאַנג
און געטאָן זיין אַרבעט, יעדן געוועקט צו סליחות.

נאָר וועלוועל מלמד איז זיך באַזונדער אַרומגעגאַנגען אי־
בער דער שטאָט וועקן, אָבער ניט ביי יעדן הויז האָט ער זיך
אָפּגעשטעלט, ניט יעדן האָט ער געוועקט צו סליחות.

מ. ספעקטאָר

# די תשובה-טעג אינם שטעטל



די עלטערע אינגלאַך זיינען אויך פרו־מער געוואָרן אין דער צייט, האָבן גע־דאַוונט מיט מער כונה און זיך געהיט פאַר עבירות. באַזונדערס האָבן זיי זיך אָפּגעהיט פאַר אַזוינע עבירות, וואָס פאַר זיי האָט כרת־יאָרן געקומט.

שטייט אַ אינגעלע און דאַוונט. אין די נידעריקע פענסטער פון שטוב קוקט אַריין פון דרויסן אַ גרויער פאַרוואָלקנ־טער אינדערפרי. דאָס אינגעלע איז אַ יאָר צען אַלט, בלייך און מאָגער. אין פאַרלאַטעטע הויזן, פון וועלכע עס שטעקט אַרויס אַ שמוציקער עק פונם העמד. ער האַלט אַ סידור אין די הענט און דאַוונט מיט כונה הויך אויפן קול. קומט אַריין זיין מאַמע פון דרויסן פאַרהאַוועט מיט אַ קערבעלע אין די הענט, אַ בלייך, קליין־געוויקסיק ווייבל, נאָך גאָר אַ יונגס, מיט אַ פאַטשיילע איבער די אַקסלען און אַ טיכל אויפן קאָפּ, פון אונטער וועלכן עס זעט זיך קיין האָר נישט אַרויס. זי טוט אַ שטעל דאָס קערבעלע אויפן טיש און הייבט אָן אַרויס־צולייגן פון דאָרט לעקעכלאַך, ציילט זיי מיט אַ שעפּטשען. איבערגעציילט, לייגט זי זיי צוריק אוים אין דעם קערבעלע און קוקט זיך אום אומרואיק אויף אירע קלענערע קינדער, וואָס שלאָפן נאָך: איינס אין אַ וויגל און צוויי אויף אַ קאַ־נאַפּע. זי דאַרף לויפן אויפן מאַרק, אַרויסשטעלן איר טיש.

אלע שטייען שוין דאָרט לעבן זייערע טישלאַך, און זי קאָן זיך נאָך גאָר נישט אַרויסרייסן פונם שטוב, ווייל מען דאַרף די קינדער נאָך אָנטאָן און עסן זיי געבן.

איר מאַן איז אַוועקגעפאָרן אין דאָרף, וועט היי. ..., אָדער מאָרגן, מסתמא, צוריקקומען מיט אַ ביסל תבואה פון דאָרט. אַן אַנדערע צייט וואָלט זי אָנגעהויבן צו שרייען און צו שילטן די קינדער, פאַרוואָס זיי „פּאָפּן" נאָך און לאָזן זי זיך ניט אַרויסרייסן פון שטוב. היינט אָבער, פאַר ראָש־השנה, האָט זי מורא צו זיין בייז, און ווי עס מוטשעט זי ניט די מחשבה, אַז אפשר ווערט זי אָן דאָרטן אויפן מאַרק לייזונג, טוט זי זיך אָן אַ כוח ניט צו זיין אין כעס, גייט צו צו די שלאָפנדיקע קינדער, גלעט זיי און וועקט זיי מיט אַזוי פיל גוטסקייט אינם קול:

— קינדערלאַך, שטייט אויף! אַ גוטיקן, אַ גוטיקן יאָר זאָלט איר האָבן, פייגעלאַך מיינע, איך פאַרשפּעטיק איבער אייך.

און בעת זי איז דאָרט פאַרנומען מיט די קלענערע קינ־דער, וואָס זי האָט אויפגעוועקט, אָפּווישנדיק זיי די צור׳קע־לאַך מיט אַ נאַסן האַנטוך און זאָגנדיק מיט זיי „מודה־אני", דאַוונט דערווייל דאָס עלטערע אינגל פון דעם סידור און כאַפּט יעדע ווײַלע אַ קוק אויף די לעקעכלאַך אין דעם קערבל. זיי ציען אים צו זיך און צעטומלען זיין מוח. אין זיין קליין הערצעלע שלאָגט זיך אַרום דער יצר־הרע און דער יצר־טוב: „אַזוי געשמאַק, נעם!" — טענה׳ט דער יצר־הרע. „מען טאָר ניט, דאָס איז אַ גנבה, אַזאַ עבירה פאַר ראָש־השנה און

יום־כפור!“ — ענטפערט דער יצר־טוב — און ער שטעלט זיך מיטן רוקן צום קערבל, מאַכט צו די אויגן און דאַוונט העכער. „דו וועסט דערנאָך זאָגן דער מאַמען, וועסט ביי איר מחילה בעטן. אַזוי געשמאַק, אַזוי זיס!“ — לאָזט אים ניט אָפּ דער יצר־הרע. ער דערמאָנט זיך אָן דעם לעקעכל, וואָס ער האָט שטילענקערהייט אַרויסגענומען מיט עטלאַכע וואָכן צוריק פונם קערבעלע, און פילט נאָך איצט דעם געשמאַקן טעם אינם מויל. צום סוף בלייבט ביי אים: ער וועט נעמען נאָר דאָס מאָל און דערנאָך וועט ער דערציילן דער מאַמען און זי בעטן, זי זאָל אים מוחל זיין.

ער גנב׳עט זיך צו הינטערוויילאַכץ צום טיש, די אויגן אויף דער מאַמען אויסגעשטעלט מיט מורא, טאַפּט אָן פון הינטן אַרום דאָס קערבעלע, רוקט אַהין אַריין דאָס הענטל, שלעפּט עס פּאַרזיכטיק אַרויס מיט אַ לעקעכל און באַהאַלט עס פלינק אונטערן ארבע־כנפות אויפן הוילן הערצל. דער־נאָך דאַוונט ער ווייטער, אָבער שוין צעטומלט, נישט מיט אַזאַ כונה, ווי פריער.

די מאַמע איז אַוועק מיטן קערבל, דאָס אינגל האָט אָפּ־געדאַוונט, איז אַרויס מיטן לעקעכל אויף דער גאַס. ער גייט אין חדר און שפּירט דאָס לעקעכל שוין אויפן נאַקעטן בייכל, וואו עס האָט זיך אַרונטערגערוקט אונטערן ארבע־כנפות. ער גייט און טראַכט: עסן צי ניט? יאָ עסן! נישט עסן! אַזוי געשמאַק! אָבער אַזאַ עבירה! צו להכעיס דעם יצר־הרע וועט ער ניט עסן, אָט דוקא ניט! אַזוי געשמאַק, אַזוי זיס! „איכ׳ל דערציילן דער מאַמען: מאַמע, איך האָב אַ לעקעכל

גענומען"... „גענומען? גע׳גנב׳עט! גע׳גנב׳עט!" — האָט ער זיך גענומען בייזערן אויף זיך אין די מחשבות. „דאָס איז אַ גנבה! גוי, דו האָסט גע׳גנב׳עט פאַר ראש־השנה און יום־כפור!..."

ער דערזעט פּלוצים זיינס אַ חבר, וואָס גייט אויך אין דעם אייגענעם חדר, וואו ער — שלמה׳קעלע די „ווילדע בריאה". דאָס איז מירקע אַברהם־לייזערס מיזינקל, אַ אינגל אין זיינע יאָרן, מיט אַ צעקראָכן פּנים, אַ צעריסן היטל אויפן קאָפּ, אַ באָרוועסער און אויך מיט אַ שמוציקן עק פון די צע־ריסענע הויזן אַרויסגעשטעקט. דער דאָזיקער שלמה׳קעלע איז טאַקע אַ ווילדע בריאה. וואו אַ פּאַרקן, דאָרט קריכט ער. דערזעט ער אַ ציג, מוז ער אויף איר פאָרן רייטנדיק. אויף אַ וואָגן מוז ער זיך אָנהענגען. דערזעט ער אַ קינד מיט אַ נאַ־שעריי, מוז ער עס אַרויסכאַפּן. קריכט ער אין די סעדער, עפּל צו גנב׳ען. אין בית־המדרש שלאָגט ער זיך תמיד מיט די אַנדערע קינדער און גייט שטענדיק אַרום מיט אַ צעקראַצט פּנים, איצט, פאַר ימים נוראים, האַלט זיך שלמה׳קעלע אויך גאָר אַנדערש, שטיל געוואָרן, ווי אַ טויב.

שטעלט ער אים אָפּ:

— שלמה׳קעלע, איך האָב אַ לעקעכל!

— וואו?

— אָט דאָ!

ער טורקעט זיך אין דעם בויך.

— גיב אַ שטיקעלע!

— מען טאָר נישט...

— פאַרוואָס ?

— מען טאָר נישט...

— אַ לעקעכל טאָר מען נישט ? פאַרוואָס ?

— מען טאָר נישט... איך האָב גענומען שטילענקער־הייט.

— אוי ! — טוט זיך שלמה׳קעלע אַ כאַפּ, — פאַר ראש־השנה ? גנב !

— נישט ביי אַ פרעמדן, ביי אַ מאַמען.

— אַלץ איינס אַ גנב... מען טאָר נישט. כרת־יאָרן קומט דערפאַר. פרעג אַפילו דעם רבין. גיי, גיב אַוועק צוריק.

— איך האָב אַליין געוואָלט גיין און אָפּגעבן צוריק. דערפאַר האָב איך דאָך דיר געזאָגט, אַז מען טאָר נישט...

— עפּעס אַ גוט לעקעכל ? — פרעגט מיט אַמאָל שלמה׳קעלע, — עס קאַרטשעט דיך עפּעס אויפצועסן עס, האַ ? גיב אַ קוק טאָן !...

— מען טאָר נישט ! — טוט יענער אַ שאָקל דעם קאָפּ, און לאָזט זיך שנעל לויפן צום מאַרק צו.

דאָרט שטייט שוין זיין מאַמע ביי איר טישל מיט לע־קעכלאָך, קאָנפעקטן און קוואַס.

צוגעלאָפן צו איר, שטעלט ער זיך אָפּ, שלעפּט אַרויס פון אונטערן ארבע־כנפות דאָס לעקעכל, וואָס איז אָנגעוואַ־רעמט פון זיין לייב, דערלאַנגט זיין מאַמען און קוקט נישט אויף איר.

— וואו האָסטו עס גענומען ? — פרעגט זי, ווען דאָס לעקעכל איז ביי איר אין דער האַנט געווען.

— גענומען... — שטאַמלט ער, ציט אוים דעם מאָגערן אָרעם קעגן פּנים, רייבט די נאָז אָן אים און כליפּעט.

— וואָס וויינסטו !?...

— איך האָב גענומען פון דיין קאַשעלקע, — כליפּעט ער ווייטער און זיין אויסגעצויגענער אָרעם איז שוין קעגן זיין שטערן, און ער קוקט פון אונטער אים אויף זיין מאַמען מיט אַ פאַרקרימט פּנים און וואַרט אויף דעם פּאַטש.

די מאַמע אָבער פּאַטשט אים היינט נישט. אין אַן אַנ־דערער צייט וואָלט זי אים אָנגעפּאַטשט, שטיקער פלייש פון אים געריסן, מיט קולות אים באַפאַלן און מיט געשרייען: סטייטש, אַזאַ בלוט־זויגער, ביז וואַנען זי לייזט אַ קאָפּיקע... היינט האָט זי אים נאָר אויסגערעדט: נישט שיין, זון מיי־נער, אַן עבירה, ערב ראָש־השנה... איך וואָלט דיר אַליין געגעבן...

דאַן האָט אים די מאַמע ביידע באַקן אַ גלעט געטאָן: „שאַ, שאַ, דו וועסט שוין דאָס ווייטער ניט טאָן", — אָפּגע־ווישט אים, מיט אַ פאַלע פון איר קלייד, די נאָז, אַריינגע־שפּאַרט אים דאָס לעקעכל אינם הענטל און געזאָגט:

— נו, גיי אין חדר, אַ זים יאָר זאָלסטו האָבן!

און ער איז אַוועק פון איר מיט שיינענדיקע אויגעלאַך: אי קיין גנב איז ער נישט געווען, קיין כרת־יאָרן וועט ער ניט האָבן, אי אַ לעקעכל האָט ער געהאַט!...

פאַר שמחה האָט ער אַזש גענומען פאַבריקעווען, ווי אַ יונג קעלבל, און דער שמוציקער עק פונם העמד האָט אים פון הינטן נאָכגעטאַנצט...

# לשנה טובה תכתבו

לשנה טובה תכתבו
אַלע, אַלע, וואו איר זייט!
צי אייך האָט דאָס האַרטע מזל
אויף אַ וויסטן סטעפּ פאַרשפּרייט!

צי איר קילט די הייסע שטערן
ביי דער נאַסער מערב-וואַנט,
צי איר שיפט אייך איבער ימ׳ען
צו אַ ניי פאַרשפּראָכן לאַנד!

צי איר טראָגט דעם יאָך דעם שווערן,
מיט אַ שמייכל: אַי, ווי גרינג!
און איר קויפט די לופט צום לעבן
און איר צאָלט פאַר יעדן שלינג!

אַלע אייך צום יאָר צום נייעם —
יעדע שפּראַך און יעדעם קלייד —
לשנה טובה תכתבו!
אַלע, אַלע, וואו איר זייט!

י. ל. פּרץ.

# ראש־השנה אין אַמעריקע

אין צייטונגס־שפּאַלטן און אין די וויטרינעס,
אויף אַלע ווענט און אַלע טויערן —
חזנים יאַרמאַלדיקע און מיט פרומע מינעס,
ווי שופרות טרובען זיי אין דיינע אויערן:
ראש־השנה! ראש־השנה!

נאָר ער אַליין, דער אַלטער ראש־השנה,
באַהאַלטן ליגט ער הינטער ווענט און מויערן
און טראַכט מיט ציטערניש פון דער סכנה,
וואָס טוט איצט איבער אַלע גאַסן לויערן
אויף אים — דעם ראש־השנה.

פאַראַיאָרן האָט אַ יונג, אַ ווילדער,
צעריסן אים די זיידענע קאַפּאָטע.
און מיט אַ סוויסטש און גרוים געפילדער
געפלויגן זיינען שטיינער, שטיקער בלאָטע
אויף אים — דעם ראש־השנה.

און שפּעט ביינאַכט אַמאָל, אין שיין פון דער לבנה,
שאַרט ער זיך אום ביי ווענט פון גרויסע מויערן,
און זוכט און קוקט מיט גרוים כונה
אויף אַלע ווענט און אַלע טויערן,
און וואָס־זשע זעט ער — ראש־השנה?

צווישן גלאַדיאַטערס, טענצערס פון וואָדעווילן —
אַ באָרד און פּאות, ווייסע שיך און זאָקן,
עס קוקט אויף אים דורך שווערע ברילן
אַן איינגעבויגענער, אַ שווער באַיאָרטער זקן —
דאָס בילד פון ראש־השנה.

אַט דאָס בין איך? — צעזיפּצט ער זיך מיט טרויער, —
עס רוישט די שטאָט, ווי חיות וואָלטן זיך צעברילן,
און ביי אַן אַלטן טויער,
צווישן גלאַדיאַטערס, טענצערס פון וואָדעווילן
צעוויינט זיך שטיל דער אַלטער ראש־השנה.

ז. וויינפּער.

# כפרות

## א.




עם ערשטן טאָג ראש־השנה נאָך, אַז דער עולם איז געגאַנגען צו תשליך, האָט מען געקאָנט באַמערקן אַ מחנה עופות, הי־נער, אַלטע קוואָקעס, און יונגע הינדלאָך מיט האָנעלאָך לויפן אין די הינטערגעס־לאָך, אויסגעצויגן די קעפּלאָך, מאַכן פּאַלקעס, הייבן פיסלאָך, שפּרינגען אונטער עפּעס מיט אַן אימפּעט, און אַלץ אַהין, ווייט, הינטער דער שטאָט אַרויס. אַ חידוש איז דאָס געווען, נאָר קיינעם איז ניט איינגעפאַלן אָפּשטעלן זיך נאָכקוקן, וואוהין לויפן דאָס די דאָזיקע נאַרישע עופות.

ערשט שפּעטער, אין די עשרת־ימי־תשובה אַריין, האָט מען אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן, אַז די שטייגן זיינען אָפן, און וואו ס'איז געווען ערגעץ אַן עוף איז דאָס אַרויסגעפלויגן — און גיי זוך מיך!

איז געוואָרן אַ גוואַלד: „ס'טייטש, מיט וואָס וועט מען שלאָגן כפּרות?” איבערהויפּט האָבן איינגעלייגט די וועלט די ווייבער; משוגענערוויז זיינען זיי געלאָפן אין מאַרק אַריין, גרייט געווען צאָלן אין טאָג אַריין, אַבי צו קריגן כפּרות; אויב ניט קיין ווייסע הון, זאָל זיין אַ ראָבע, אַ שוואַרצע, לאָז זיין אַ רויטער האָן — אַבי אַ כפּרה! און ווי אויף־צו־להכעיס, איז נישט געווען אין מאַרק, איר זאָלט זאָגן, איין עוף אויף אַ רפואה. דאָס הייסט, ס'איז געווען עופות

אין מארק, נאָר נישט אַזעלכע, וואָס מען זאָל מיט זיי קאָנען שלאָגן כפּרות. צום ביישפּיל: קאַטשקעס זיינען געווען מיט גראָבע פּופּקעס, גענז מיט פעטע בייכלאַך, אינדיקעס, אָנגע־בלאָזענע מיוחסים, מיט אַראָפּגעלאָזענע שנאָבלען, ווייסע, ריינע אומשולדיקע טייבעלאַך האָט מען געכאַפּט און אַרויס־געטראָגן אויף צו פאַרקויפן. ס׳איז אָבער אַלץ ניט דאָס וואָס מען באַדאַרף. אויף כפּרות דאַרף מען עופות, און קיין עופות זיינען נישטאָ, כאָטש נעמט לייגט זיך און שטאַרבט!

וואו זיינען אַהינגעקומען אַלע עופות?

לייענט, זייט מוחל, ווייטער, וועט איר הערן אַ שיינס.

ב.

העט־ווייט, הינטער דער שטאָט, אַזש אויף יענער זייט מילן, האָט זיך געטאָן אַ חושך; דאָס גאַנצע פעלד איז גע־ווען פול מיט הינער, העגער, אַלטע קוואָקעס און קליינע הינעלאַך. דאָס קרייען פון די העגער, דאָס קוואָקען פון די הינער און דאָס פּישטשען פון די קליינע הינעלאַך איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט געקאָנט טויב ווערן. אַלע האָבן זיך געשטופּט און געקוועטשט אַהין אויבנאָן. און דאָרט, אויבנאָן, ליגט אַן אַלטער אויסגעהאַקטער בוים, און אויף דעם דאָזיקן אויסגעהאַקטן בוים פליט אַרויף גאָר אַ יונגער האָן, טוט אַ פּאַטש מיט די פליגלען און הייבט אָן צו קרייען:

— קוקעריקו, רבותי! הערט צו וואָס איך וועל אייך זאָגן! אייך איז באַקאַנט דער שענדלאַכער מנהג פון בעלי־בתים: אַלע יאָר, אַז עס קומט אין דער צייט, פאַלט אָן אויף

אונזערע בעלי־בתים און אויף די בעלי־בית׳טעם עפּעס אַ מהומה, דער שוואַרצער יאָר זאָל זיי וויסן! זיי כאַפּן אונז פון די סידעליעס, שלעפּן אונז אַרויס איינציקווייז פון די שטייגן, בינדן אונז און דרייען אונז איבערן קאָפּ, בעבען עפּעס בשעת מעשה פון א סידור, און טוען אונז אַ שליידער אונטערן טיש און נעמען און טראָגן אונז אַוועק צום שוחט, און דאָרט מאַכט ער אונז די שפּיל, — עס ווערט אָנגערופן ביי זיי „כפּרות". — וואָס זאָגט איר אויף דעם בזיון? ברידער! ביז ווי לאַנג נאָך וועלן מיר שווייגן? צייט מיר זאָלן מאַכן אַן עק מיט דעם שענדלאַכן מנהג פון כפּרות! לאָמיר זיך שטעלן איין מאָל פאַר אַלע מאָל: וואָס איר ווילט טוט מיט אונז — קיין כפּרות וועלן מיר ביי אייך ניט זיין! אוים כפּרות!

— קאָ—קאָ—קאָ! — כאַפּן אונטער אַלע עופות מיט אַ מאָל, — אוים כפּרות!

— קוקעריקו! — גערענקט-זשע, געטרייע ברידער און ליבע שוועסטער. צי זענט איר באַוואָרנט אין זיך, אַז איר וועט ביישטיין קעגן דעם נסיון? צי וועט איר זיך נישט לאָזן פירן אין באָד אַריין? מען וועט זיכער קומען און פאַר־לייגן אייך פּראָסע, אָדער הירזש, און איך קען דאָך אייך, זולל־וסובא׳ניקעס אַז פאַר אַביסל פּראָסע און פאַר אַ הירזשל וועט איר אַוועקגעבן דריי שאָק אייער...

— קאָ—קאָ קאָ! — חס ושלום! מען זאָל אונז געבן גאָלד! קאָ—קאָ—קאָ!

— קוקעריקו! גערענקט-זשע נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל:

איר זאָלט זיך האַלטן שטאָל און אייזן! און טאָמער וועט מען אייך וועלן כאַפּן, זאָלט איר זיך נישט לאָזן. די אויגן זאָלט איר זיי אויספּיקן! איר זאָלט זיך נישט לאָזן, איר הערט? אַן עק! אַ סוף! אוים כּפּרות!

— קאָ—קאָ—קאָ! קאָ—קאָ—קאָ! אוים כּפּרות!

## ג.

און אין שטאָט איז געוואָרן חושך. אַ רעש, אַ טומל, אַ גערודער. די גאַנצע וועלט האָט זיך געוויגט. בעלי-בתּים האָבן אָפּגעשטעלט איינער דעם אַנדערן, גערעדט, גע־קנייטשט מיט די פּלייצעס, געמאַכט מיט די הענט.

— וואָס זאָגט איר דערויף?

— יאָ, אַ שיינע מעשה, נאָר אַ קורצע!

— אַזאַ מעשה טרעפט זיך איינמאָל אין טויזנט יאָר!

אַזוי האָט מען געשמועסט אין שטעטל, און ס'איז גע־בליבן, אַז די ווייבער זאָלן זיך מטריח זיין הינטער דער שטאָט אַרויס, צו פאַרנאַרן די עופות צוריק אין שטייג אַריין. דע־רויף זיינען זיי דאָך ווייבער, בעלי-בית'טעס! און די ווייבער האָבן געטאָן דעם רצון פון זייערע מענער: מיטגענומען מיט זיך ווער אַביסל פּראָסע און ווער אַביסל הירזש, ווער אַ זיפּ און ווער אַ זאַק, און מען האָט זיך געלאָזט. הינטער דער שטאָט אַרויס, צו פאַרנאַרן און כאַפּן די עופות און פאַרוואַרפן זיי צוריק אין שטייג אַריין.

— ציפּ-ציפּ-ציפּ-ציפּ-ציפּ! — האָבן זיך די ווייבער פּאַ־וואָלינקע זיך צוגערוקט צו די עופות, זיך צוגעזעצט צו דער

ערד, און אויסגעשאָטן זיי דאָס ביסל פּראָסע מיטן ביסל הירזש. — טיו־טיו־טיו־טיו... סילא־סילא־סילא־סילא...

און נאָך אַזעלכע מינים שפּריכווערטער האָבן די ווייבער באַנוצט, כּדי צו פֿאַרנאַרן די עופֿות.

דערזען פּראָסע און דערשמעקט הירזש, האָבן זיך די אויסגעהונגערטע עופֿות אַ לאָז געטאָן, און עס איז אין איין כהרף־עין דאָס ביסל פּראָסע מיטן ביסל הירזש אויסגעפּיקט געוואָרן, נישט געבליבן אַ קערנדל אַפֿילו, נאָר כאַפּן האָבן זיי זיך נישט געלאָזט בשום אופֿן.

אַ פּאָר ווייבער איז אַפֿילו געראָטן צודעקן עטלאַכע קליינע הינדלאַך מיט אַ זיפּ; האָבן זיך די עלטערע קוואָקעס מיט די הענער איינגעשטעלט פֿאַר זיי, אַרויפֿגעפֿאַלן אויף די ווייבער, געשפּרונגען זיי גלייך אין פּנים אַריין, שיר נישט אויסגעפּיקט די אויגן; די ווייבער זיינען קוים אַנטלאָפֿן מיטן לעבן.

געקומען אַהיים און דערציילט פֿאַר די מענער די דאָזי־קע מעשה, איז צווישן די מאַנסבילן געוואָרן זייער אַ גרויס געלעכטער. מען האָט זיך פּשוט געקאַטשעט, געהאַלטן זיך ביי די זייטן.

— כאַ־כאַ־כאַ! איר זענט דאָך ערגער פֿון די עופֿות, כלעבן! איר האָט אַמאָל געהערט, אַז אַן עוף זאָל גובר זיין אַ מענטשן? טפּשות, כאַ־כאַ־כאַ!

— ווייסט איר וואָס? — האָבן געזאָגט די ווייבער, — אַז איר זענט יאָ אַזעלכע בריות, טאָ גייט שוין בעסער איר

אליין, האַלט מלחמה מיט די עופות! באַווייזט שוין איר אַליין אייער בריה׳שאַפט.

און די מאַנסבילן האָבן גענומען די שטעקעלאַך אין די הענט און זיינען אַרויסגעגאַנגען הינטער דער שטאָט זען, וואָס טוט זיך דאָרטן מיט די עופות.

### ד.

מאַנסבילן זיינען פּאָרט מאַנסבילן, נישט קיין ווייבער. מאַנסבילן האָבן אין זיך גאָר אַן אַנדער כּוח. מאַנספּאַר־שוינען!...

דערזעען פון דערווייטנס די מחנה, זיינען זיי געפאַלן אויף אַ פּאָרטל און האָבן זיך פאַר׳גנב׳עט שטילערהייט הינטן־אַרום. פון יענער זייט עופות, אויפגעהויבן אַלע מיט אַמאָל די שטעקנס און אָנגעהויבן זיי טרייבן אַהיים מיט קלונשאַפט:

— קיש־קיש! דאָ דאַמאַ! קיש־קיש! קיש־קיש־קיש־קיש!...

דער „קיש־קיש" האָט זיי אָבער געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. די גאַנצע מחנה עופות, די הענער מיט די הינער, די אַלטע קוואָקעס מיט די קליינע הינדלאַך, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן מיט אַמאָל צו די מאַנסבילן, געשפּרונגען זיי גלייך אין פּנים אַריין, געפּיקט אין די פּיאַטקעס, געריסן די קאַפּאָ־טעס, געפליקט די בערד, בשעת־מעשה געקרייט און געקוואַ־קעט און געפּישטשעט. פעדערן זיינען געפלויגן אין דער לופטן, ווי שניי, ס׳איז געוואָרן פינסטער אויף דער גאַס — אַן אמת׳ע מלחמה!

אַ סך עופות זיינען טאַקע אין דער דאָזיקער מלחמה געפאַלן טויט, צעטראָטן פון זייערע אייגענע ברידער און שוועסטער און צעשלאָגן פון די שטעקנס. עס זיינען אויך אַ סך מאַנסבילן גע׳מזיק׳ט געוואָרן, כאַרוואַנדעט, פאַרבלוטיקט די הענט און די פּנים׳ער. איינעם האָט מען אויסגעפּיקט אַן אויג, איינעם — אַ שטיק נאָז. איינעם האָט מען געלעכערט אַ באַק, עס האָבן זיך אַרויסגעזען די באַקציינער, און בלוט, בלוט האָט גערונען פון ביידע צדדים. מי יודע, וואָס עס וואָלט געווען דער סוף, ווען די מאַנסבילן וואַרפן נישט אַוועק די שטעקלאַך, פאַרקאַטשען נישט די פּאָלעס און לאָזן זיך נישט לויפן הענדום־פּענדום צוריק אין שטאָט אַריין.

דערזען די צעשלאָגענע, צעבלוטיקטע בעלי־בתּים מיט די צעפּליקטע קאַפּאָטעס, זיינען די ווייבער געוואָרן מלאַ־שמחה:

— נו, פאַרוואָס לאַכט איר נישט אַצינד? בריות! מאַנסבילן! זכרים! מאַנספּערשוינען! . . .

ה.

„אַז מען קאָן נישט אַריבער, מוז מען אַרונטער“, — אַזוי האָבן געזאָגט די בריות, די מאַנסבילן, געווען צופרידן, וואָס גאָט האָט זיי צוגעשיקט אַ גלייכווערטל, און מען האָט זיך צונויפגעזאַמלט ביים רב אויף אַן אסיפה, לאַנג גערעדט, געפּלאַפּלט און געבעבעט, און ס׳איז געבליבן, מען זאָל שיקן אַ דעפּוטאַציע צו די עופות און פרעגן זיי מיט גוטן: וואָס ווילן זיי? אויסגעקליבן האָט מען, געוויינטלאַך, די נגידים

מיט די בעלי־בתים חשובים, מיט די רבנים, מיט די דיינים און חזנים און מיט די שוחטים, און מען איז אַרויס הינטער דער שטאָט שוין אָן כּלי־זין, אָן שטעקנס, און דער רב האָט זיך אַרויסגעשטעלט אויף צו פֿריער און האָט אויסגערופֿן צו די עופֿות בזה הלשון:

— שמעו נא, רבותים, הערט אויס, עופֿות! וואָס ווילט איר? זאָגט, מיר הערן אייך מיט קאָפּ, און אויב אייער פֿאַרלאַנג איז נאָר מיט אַ גאַנג, וועט מען אייך געוויס ממלא זיין, אם ירצה השם.

איז געוואָרן אַ געשריי צווישן די עופֿות מיט אַ קרייערײַ און מיט אַ קוואַקערײַ און מיט אַ פֿישטשערײַ, אַז מען האָט נישט געהערט אַ וואָרט. רופֿט זיך אָן צו זיי דער רב:

— ווייסט איר וואָס, עופֿות? פֿון אייער שרייען, וואָס איר שרייט דאָ אַלע אײַנײַנעם, וועט קיין גוטס נישט אַרויס. אָמער פֿאָלגט מיך. אָט האָט אונז דער עולם אויסגעקליבן פֿאַר שתדלנים, דעפּוטאַטן — קלײַבט איר אויך אויס פֿון זיך אַ דעפּוטאַציע, נאָר עפּעס פֿײַנע, לײַטישע עופֿות, ס'זאָל זײַן מיט וועמען צו רעדן אַ וואָרט. געפֿינען זיך נישט בײַ אײַך אַ פּאָר אינדיקעס, גענז, אָדער קאַטשקעס?

— האָל־דער! האָל־דער! האָל־דער! — האָט זיך אָנגערופֿן איין און אײַציקער אינדיק, וואָס האָט זיך פֿאַרשלעפּט אַהער מיט די עופֿות, און האָט זיך אָנגעבלאָזן ווי אַ מחותּן, אַראָפּגעלאָזט דעם שנאָבל, באַוויזן, אַז ער איז דאָ און איז גרייט צו זײַן אַ שתדלן פֿאַר קהל.

— גאַ־גאַ־גאַ! — האָט זיך געלאָזט הערן אַ קול פֿון איין

אַלטן גאַנער, און אים האָבן אויך געהאָלפן דאָס גאַנצע בינטל גענז, זיינע קעבסווייבער.

— קווא! קווא!! קווא!!! — האָבן אונטערגעכאַפּט עטלאַכע קאַטשקעס, מורא'דיקע שרייערנס, צו באַווייזן, אַז זיי זיינען אויך דאָ צווישן די עופות. איז אָבער אַרויסגעשפּרונגען אַ רויטער האָן אַן עזות-פּנים און האָט אויסגעשריען:

—קוקעריקו! עופות! אויב איר ווילט מען זאָל אייך פאַרקויפן פאַר אַ קאַרץ האָבער, זאָלט איר זיך איבערגעבן אין די הענט פון די דאָזיקע אָנגעבלאָזענע מחותּנים די אינדיקעס, אָדער צו די מיוחסים די גענז, וואָס זייערע עלטערזיידעס האָבן אַמאָל אָפּגעראַטעוועט די שטאָט רוים, אָדער צו די פּרעסערינס, די קאַטשקעס. מיט זיי שלאָגט מען קיין כּפּרות נישט, טאָרן זיי נישט מישן זיך! עופות זיינען מיר, כּפּרות שלאָגט מען מיט אונז, באַדאַרף מען אונז קלייבן פאַר דעפּוטאַטן!

— קאָ-קאָ-קאָ-קאָ! אמת, אמת, ווי מיר זיינען הינער!

— האָבן אונטערגעהאַלטן אַלע עופות אין איין קול, און עס איז געוואָרן נאָך אַ גרעסער געשריי, מיט אַ גרעסערן טומל; די עופות האָבן געגאָגאָטשעט אַלע אינאיינעם, געשפּרונגען איינס אַנטקעגן דעם אַנדערן, געפּיקט זיך אין די קעפּלאַך, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז עס איז אַרויסגעטראָטן פון זיי אַ דעפּוטאַציע: אַ צוויי-דריי גאַלאַגאַנסקי הענער מיט היפּשע בערד, און אַ פּאָר שיינע געווינטלאַכע הינער און עטלאַכע יונגע האָנעלאַך, גרויסע שרייערס מיט גאָר יונגע קעלעכ-

לאַך, — און אין צווישן ביידע דעפּוטאַציעס האָט זיך אָנ־
געהויבן אַ געשפּרעך, וואָס ווערט באַשריבן אין קאַפּיטל ז.

ז.

די בעלי־בתּים: נו, זאָגט, וואָס ווילט איר, הינער?
רעדט ווערטער!

די עופות: מיר גיבן אייך אַוועק אונזער פליייש, אונ־
זערע פעדערן, אַלץ וואָס איר ווילט, נאָר קיין כּפּרות זאָלט
איר מיט אונז נישט שלאָגן!

די בעלי־בתּים: סטייטש, מיר זיינען דאָך עפּעס אידן,
מיר מוזן דאָך שלאָגן כּפּרות!

די עופות: אַזוי גאָר? וואו שטייט דאָס געשריבן?

די בעלי־בתּים: וואו סע שטייט געשריבן? וואָס איז
שייך, הע... וואָס איז אייער עסק, וואו סע שטייט געשריבן?
ס'איז ביי אונז אַ מנהג, אַן אַלטער מנהג פון קדמונים, מאָדנע
עופות וואָס איר זייט! אַז מען קוילעט אייך אַזוי און מען
בראָט אייך און מען עסט אייך, איז אייך גרינגער? וואָס
אַרט עס אייך, אַז אידן פאַרדינען מיט אייך אַ מצוה?

די עופות: פאַראַן ביי אייך זיבעציק הונדערט און דרייצן
מצוות.

די בעלי־בתּים: און דאָס, וואָס מען זאָגט מיט אייך
דריי מאָל „בני־אָדם" איז ביי אייך גאָרנישט?

די עופות: איר זאָלט אַזוי וויסן פון געבראָטנס, ווי
מיר וויסן, וואָס ביי אייך אין „בני־אָדם" טוט זיך!

די בעלי־בתּים: און די ברכה, וואָס דער שוחט מאַכט
אויף אייך?

די עופות: לאָז ער בעסער מאַכן אַ ברכה אויף אַ דונער!

די בעלי־בתים: און דאָס וואָס אידישע קינדער פּאַר־פאַסטן זיך און פאַסטן אָפּ מיט אייך אַזאַ הייליקן תּענית, ווי יום־כּפּור?

די עופות: וואָס־זשע איז עפּעס געפאַלן דער גורל אויף אונז אָרימע עופות? ווינציק פוילע גענז, פעטע קאַטשקעס מיט גראָבע בייכלאַך, אינדיקעס מיוחסים דרייען זיך אַרום ביי אייך אויף דער וועלט, וואָס טוען טוען זיי גאָרנישט, נאָר מען פרעסט און נאָר מען זויפט און מען פּליאַסקעט זיך אין אַלע קאַלוזשעס?...

די בעלי־בתים: געגנז קוילן מיר חנוכּה און פּרעגלען פון זיי שמאַלץ אויף פּסח, קאַטשקעס בראָטן מיר אַזוי, אינדי־קעס האָדעווען מיר אויף יום־טוב, און אייך דאַרפן מיר אויף כּפּרות. זייט־זשע נישט קיין עזות־פּנימ׳ער — עס רעדן נישט מיט אייך קיין אינגלאַך, עס רעדן מיט אייך עפּעס בעלי־בתים, רבנים דיינים, שוחטים!

די עופות: שוחטים? קוילערס? קאַ־קאַ־קאַ! אַ מיתה משונה זאָל קומען אויף אַלע שוחטים פון דער גאַנצער וועלט! אַנו, גיט אונז נאָר אַהער אַ פּאָר שוחטים!...

די בעלי־בתים: איר זייט קעגן דעם מנהג־העולם? איר ווילט מאַכן אַן איבערקערעניש אין דער וועלט? איר ווידער־שפּעניקט?... איר וועט אונז האָבן צו געדענקען!...

די עופות: אַזוי? אַי־אַי־אַי! וואָס וועט איר אונז טאָן?

איר וועט אונז אודאי מסר'ן? גייט־זשע אייך געזונטערהייט!
קאַ־קאַ־קאַ! קאַ־קאַ־קאַ־קאַ!

און ס'איז געוואָרן אַ קוואַקעריי צווישן די הינער, און די הענער האָבן אָנגעהויבן צו קרייען אויף קולי־קולות, אַז מען האָט דעם „קוקעריקו" געקאָנט הערן פאַר צען מייל אַרום און אַרום.

ז.

און די בעלי־בתים האָבן אָפּגעטרעטן אַביסל אויף אַ זייט, זיך געשושקעט, גע'סוד'עט, גע'עצה'ט: וואָס טוט מען? — און ס'איז געבליבן, מען זאָל נאָכאַמאָל אַ פּרוּוו טאָן רעדן מיט די ווייסע־חברה'ניקעס. זיי צוזאָגן עפּעס אַ לעקעכל, טאָמער וועט מען פּאָרט ביי זיי עפּעס פּועל'ן, כאָטש וואָס ניט איז; לאָז זיין אַ כפּרה אויף צווייען, אויף דרייען, אַבי אַ כפּרה. און דער רב האָט זיך אַרויסגעשטעלט אויף צו פריער און האָט ווידעראַמאָל אויסגערופן צו די עופות:

— שמעו נא רבותים, הערט אויס, עופות, וואָס מיר וועלן אייך זאָגן. די מעשה דערפון איז אַזוי: מיר וואָלטן מיט אייך, אייגנטלאַך, גאָרנישט באַדאַרפט אַזוי לאַנג איינ־טענה'ן. מיר זיינען דאָס גאָרנישט געוואוינט געוואָרן אַפילו. איר מעגט אונז גלייבן אויף נאמנות, אַז מיר האָבן צו אייך געגנוג מיטלען, ווי אַזוי מיר זאָלן אייך נעמען מיט גוואַלד. נאָר אַזוי ווי די צייט איז שוין זייער קורץ, ס'איז שוין באַלד ערב־יום־כפּור, און מיר קאָנען חלילה בלייבן אָן כפּרות, לכן גיבן מיר אייך לגאָטעס...

— קוקעריקו! לגאַטעם!... — האָט אויסגעצויגן איי־נער אַ האָן, אַ ווייסער חברה׳ניק, און צווישן די הינער איז געוואָרן אַ קוואָקעריי: „קאַ־קאַ־קאַ! לגאַטעם! לגאַטעם!“...
און דער רב האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אינם נאָמען פון די בעלי־בתים, וואָס פאַר אַ לגאַטעם מען גיט זיי, די עופות הייסט עס:

לגאַטע נומער איינס: אַ טאָג פאַר כפרות שלאָגן זאָל מען געבן די עופות עסן און טרינקען, גלייך ווי נישט זיי מיינט מען.

לגאַטע נומער צוויי: בשעת שלאָגן כפרות און זאָגן „בני־אָדם“ זאָל מען נישט דרייען מיט די עופות משוגענער־ווייז און נישט אָפּכאַפּן אויף דער גיך דעם „זה־כפרתי־זה־חליפתי־זה תמורתי“, נאָר פון דער גרינג, פּאַוואָלינקע: „זה—כפרתי, זה—חליפתי, זה—תמורתי“...

לגאַטע נומער דריי: אָפּגעשלאָגן כפרות, זאָל מען נישט וואַרפן די הינער אונטערן טיש, ווי ביז אַהער; נאָר פּאַ־וואָלינקע אַוועקגעלייגט און אַוועקגעטראָגן צום שוחט.

לגאַטע נומער פיר: בינדן זאָל מען זיי נישט פאַרלאַכ־ווייז, ווי ביז אַהער, נאָר איינציקווייז, איטלאכס עוף באַזונ־דער, וואָרים נישט אַלע עופות זיינען גלייך אין כאַראַקטערן, — טרעפט אָפּטמאָל, אַז מען פּיקט זיך און מען בלוטיקט זיך איינס דאָס אַנדערע געבונדענערהייט.

לגאַטע נומער פינף: פליקן זאָל מען די עופות נאָכן קוילן, נישט פאַרן קוילן, ווי אַנדערע זיינען זיך נוהג אין אַ סך ערטער.

לגאַטע נומער זעקס — בשעת דער שוחט נעמט דאָס עוף צווישן די פיס און פאַרדרייט דאָס קעפל אַרויף — — —

— קוקעריקו! געפעלט אייך אַביסל לגאַטעס? !... —

אַזוי האָט אויסגעשריען אַ יונגער האָן אַן עזות־פּנים, און נאָך אים — די איבעריקע אַלע עופות האָבן געקרייט און גע־קוואָקעט: „קאַ־קאַ־קאַ! גענוג לגאַטעס!..... אין דער ערד אַריין די בעלי־בתים מיט זייערע לגאַטעס!“...

און די עופות האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַלע צו די בעלי־בתים, און די בעלי־בתים, עס זאָל צו קיין שאַנד ניט זיין, האָבן, אַפּנים, פאַרשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט, האָבן זיי גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און — מאַרש צוריק, צוריק, אַהיים, איטלאַכער אין זיין רו אַריין.

* * *

אָט אַזוי האָט זיך אויסגעלאָזט דער דאָזיקער וואונדער־לאַכער סטרייק פון די עופות.

פון דעמאָלט אָן... קוילעט מען זיי טאַקע אַזוי ווי פריער — יאָ. מען פליקט זיי און מען שניידט זיי, און מען קאָכט זיי, און מען ברענט זיי, און מען פּרעגלט זיי — אַלצ־דינג אַזוי ווי פריער. נאָר קיין כפּרות מיט זיי שלאָגט מען נישט, און קיין „בני־אָדם“ מיט זיי זאָגט מען נישט... אויס כפּרות! דער מנהג, פאַרשטייט איר מיך, איז געוואָרן אויס מנהג.

אַפּנים, ס'איז נישטאָ קיין אייביקע זאַך אויף דער וועלט! אַלצדינג ביז אַ צייט, אַלצדינג ביז אַ צייט!...

שלום־עליכם.

# מלכות

1.



ון אַלע מענטשן, וואָס איך האָב אַמאָל ליב געהאַט אין מיין לעבן, איז מיר געוויס דער ליבסטער געווען — הירשל דער שמש פון אונזער בית־המדרש.

זיצנדיק אויף מיין טאַטנס „שטאָט“, פלעג איך תמיד זייער ליב האָבן קוקן אויף אים; אומעטום האָט מען אים אַרויסגעזען, קיינמאָל האָב איך אים ניט געזען זיצן, נאָר שטיין לעבן באַלעמער, אָדער אַרומלויפן צווישן די שטענדערס, ווען דער גבאי, דער רב און אַזוי בעלי־הבתים פלעגן אים רופן; יעדן האָט ער געפאָלגט מיט אַ פּנים, אויף וועלכן עס איז שטענדיק געווען אויסגעגאָסן אַ צופרידנקייט, און מיר פלעגט זיך אויסווייזן, אַז קיין בעסער פאַרגעניגן איז ביי אים ניט געווען, ווי אַז מען האָט זיך מיט אים געשאַפט, און יעדן פלעגט ער ענטפערן:

— באַלד, באַלד, די מינוט...

ווען מיר, אינגלאַך, פלעגן יום־טוב זיך אַרומשטעלן לעבן באַלעמער, ווען מען פלעגט פאַרקויפן די עליות, און הערנדיק ווי הירשל שרייט מיט זיין רייסנדיק, שוואַך קול: „דריי גילדן שלישי, זעקס גילדן מפטיר“, פלעגן מיר אים זיך נאָכקרימען, פלעגט דער גבאי אים איבעררייסן דאָס קול און אונז הייסן צעטרייבן; הירשל פלעגט דעמאָלט אויף אונז אַ קוק טאָן

מיט אַזוינע רחמנות׳דיקע אויגן, אַז מיר פלעגן אַוועקגיין און מער ניט נאָכקרימען.

ער האָט אונז קיינמאָל נישט געשלאָגן, נאָר געבעטן זיך ביי אונז; און ווי האָט ער אונז געקאָנט שלאָגן, אַז ער אַליין איז געווען שוואַך ווי אַ פליג און יעדעם אינגל האָט אים געקאָנט איבערקערן!

אַ קליין אויסגעדאַרט מענטשל. דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטן אָן אַ זייט, איין אַקסל איז ביי אים העכער פון צווייטן, לאַנגע, דאַרע הענט, מיט אַן אייביק דערשראָקן פּנים, שטענדיק שטיל, קיין וואָרט האָט מען פון אים ניט געהערט רעדן; יעדער איז ביי אים געקראָכן אויפן קאָפּ, יעדערן האָט ער אָפּגעשוויגן און יעדערן געפאָלגט, וואָס מען האָט אים געהייסן. דאָס איינציקע, וואָס האָט אים צוגעגעבן אַ שטיקל פּנים, איז געווען זיין באָרד, מיט וועלכער גאָט האָט אים געשאָנקען פון זיין פולער האַנט. אָנגעהויבן האָט זיך די באָרד ניט ווייט פון אונטער די אויגן און האָט זיך געצויגן לאַנג, ווי ביים שענסטן אידן. נאָר הירשל פלעגט גאָטס מתנה גאָר ניט אָפּהיטן און זי איז ביי אים געווען צעדרייט און האָט זיך אים נאָכגעהאַנגען, ווי אַן איבעריקע זאַך.

און ניט נאָר זיין באָרד, נאָר דער גאַנצער הירשל האָט אַזוי אויסגעזען:

זיין גיין, זיין רעדן און יעדער ריר פון זיינע אברים האָבן געזאָגט: „עס איז איבעריק“.

און פונדעסטוועגן איז געווען איין טאָג אין יאָר, אין וועלכן מיר אינגלאַך פלעגן מורא האָבן און ציטערן פאַר

הירשל דעם שמש. און ניט נאָר מורא, נאָר אויך דרך־ארץ האָבן פאַר אים.

.2

דאָס איז געווען ערב יום־כפור נאָך שחרית, ווען די פיינסטע בעלי־בתים און אַפילו דער רב און אַזוי ערלאַכע אידן פלעגן צוגיין צו הירשלען, וואו ער איז דעמאָלט גע־שטאַנען אין ָ ווינקל פון בית־המדרש, און זיך איינס נאָך דאָס אַנדערע לייגן פאַר זיינע פיס, אויף אַלע פיר, און הירשל, האַלטנדיק אַ ברייטן לעדערנעם רימען, פלעגט אויף יעדער פלייצע געבן ניין און דרייסיק קלעפּ.

גאָר אַנדערש האָט הירשל דער שמש דעמאָלט אויסגע־זען! ניט צו דערקענען איז דענסטמאָל געווען הירשלס פּנים, מיט אַ גאַנצן קאָפּ איז ער דעמאָלט אויסגעוואַקסן, און שטאַרק און גרויס ווי אַ גבור האָט ער אויסגעזען. אַפילו זיין קרומער אַקסל האָט, דאַכט זיך, דעמאָלט זיך אויסגעגלייכט מיט דעם צווייטן אַקסל.

ווי קליין, וואָס פאַר אַ גאָרנישט האָט דענסטמאָל אויסגע־זען אונזער גביר ר׳ זלמן אהרן זעלדעס, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ גאַנץ געסל הייזלאַך און וואָס נאָך צען מאָל אַזוי פיל הויי־זער זיינען ביי אים געווען פאַר׳משכנ׳ט און דאָס גאַנצע בית־המדרש און די גאַנצע שטאָט פלעגט ציטערן פאַר זיינס אַ וואָרט! אָט דער ר׳ אהרן זעלדעס פלעגט מיט זיין גרויסן ברייטן בויך זיך לייגן אויף אַלע פיר פאַר הירשלס פיס און ער פלעגט איבער דעם גבירס ברייטע, געזונטע, פלייצעס אָפּ־ציילן ניין און דרייסיק קלעפּ. אמת, דעם גביר האָט ער גע־

קלאפּט מיט דרך־ארץ, אָבער פּאָרט געקלאַפּט.

ביי אונז אין בית־המדרש האָט מען געוואוסט, ווער עס איז אַ פרומער איד און ווער עס איז ניט קיין פרומער איד.

אָט איז צוגעקומען צו הירשלען ר׳ שלום איצע, אַ איד, וואָס קומט יעדן טאָג דאַוונען, לייגט צוויי פּאָר תפילין און פּאָרט עטלאַכע מאָל אַ יאָר צום רבין.

איך שטיי לעבן הירשלען און נעם ניט אַראָפּ די אויגן פון יעדן ריר, וואָס ער טוט; אויף זיין פּנים האָט זיך אַרויפגערוקט אַן ערנסטקייט און עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז אַלע אין בית־המדרש ציטערן פאַר אים, און ער דאַרף נאָר אַרויסלאָזן אַ וואָרט, וועלן אים אַלע אין היינטיקן ערב־יום־הדין פאָלגן, וואָס ער וועט נאָר שאַפן, אָבער הירשל רעדט ניט; זיינע ליפּן זיינען צונויפגעקוועטשט בייזלאַך, אַלע קניען פאַר אים, און געשווינט קלאַפּט ער די מלקות איבער אַלערליי, שמאָלע, ברייטע און איינגעהויקערטע פּלייצעס, ניט אויפהערנדיק צו זאָגן בעת׳ן קלאַפּן: והוא רחום יכפר עון...

און ווען ר׳ שלום איצע האָט זיך אַנידערגעלייגט, האָט הירשל קוים אָנגערירט מיט זיין רימען ר׳ שלום איצעס פּלייצעס, ער האָט עפּעס נאָר געטאָן מאַכן, ווי ער קלאַפּט. אויף הירשלס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ אידישע ווייכקייט; קוקנדיק אויף אים איז מיין האַרץ אויך ווייכער געוואָרן, טראַכטנדיק: אַזאַ צדיק ווי ר׳ שלום איצע, וואָס האָט ניט קיין זינד, דאַרף מען ניט שלאָגן קיין מלקות, מאַכט ער נאָר ווי ער שלאָגט, קוים וואָס ער רירט אָן די פּלייצעס.

נאָך ר׳ שלום איצע האָט זיך אַנידערגעלייגט ר׳ יודל,

דער אַלטער שוסטער, וואָס האָט קוים געקענט דאַווענען, ליב געהאַט דעם טרונק און קיינמאָל ניט געהאַלטן וואָרט, ווען ער האָט צוגעזאָגט ברענגען אַרבעט:

„ער האָט אַ סך עבירות, אים קומט שלאָגן שטאַרקער די מלקות", — האָב איך זיך געטראַכט און האָב זיך מחיה געווען, ווי עפּעס אַ נייע נשמה וואָלט אין מיר אַריינגעזעצט געוואָרן, ווען הירשלען איז דער אייגענער געדאַנק אַרויפגעקומען און ער האָט אים געקלאַפּט אַביסל שטאַרקער, ווי ר' שלום איצען. די פריערדיקע ווייכקייט איז אַראָפּ פון הירשלס פּנים און אויף זיינע ליפּן האָט זיך ווידער געוויזן אַן ערנסטקייט מיט אַ בייזקייט צוזאַמען.

נאָך יודל דעם אַלטן שוסטער איז צוגעקומען משה'לע בחור.

אַז הירשל האָט אים דערזען, איז זיין פּנים בלאַס געוואָרן, די הענט האָבן אים אָנגעהויבן צו ציטערן, און אַז איך האָב דערזען משה'לע בחור, האָבן זיך די פיס ביי מיר אָנגעהויבן אונטערצוהאַקן.

.3

די גאַנצע שטאָט פון גרויס ביז קליין האָט אים געקענט פאַר אַ רשע; ער איז געווען דער איינציקער אין שטאָט, וואָס האָט געגעסן טרפות, געררויכערט בפרהסיא שבת אַ פּאַפּיראָס, אָפּן געלאַכט פון רבין, און ניט קוקנדיק אויף זיינע פינף און פערציק יאָר, האָט ער מער ניט חתונה געהאַט, כאָטש זיין ערשט ווייב איז אים געשטאָרבן צוריק מיט אַ יאָר פינף און צוואַנציק.

אַט אַזאַ מין רשע איז געווען משה׳לע בחור, און קיי־נער האָט אים גאָרנישט געקאָנט טאָן, און ער האָט פון יעדן געלאַכט.

אין שטאָט האָבן זיך געפונען נאָך רשעים, נאָר אַזוינע ווי ער איז ניט געווען; דאָס האָט אַפילו אַ קליין קינד גע־וואוסט, און יעדן פסח צום סדר, ווען איך פלעג אָנקומען אין דער הגדה, וואו עס איז אויסגעמאָלט דער רשע לעבן חכם מיט דעם תם, בין איך זיכער געווען, אַז דאָס מיינט מען געווים משה׳לע בחור.

אין אַלע אומגליקן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין שטאָט: שרפות, שלאָפקייטן אויף קינדער, אָדער אַז דעם פריץ איז איינגעפאַלן צו מאָנען ביי די אידן די ערד, אויף וועלכע זייע־רע קלייטלאַך און דער גאַנצער מארק איז געשטאַנען, און האָט פאַרלאַנגט, מען זאָל די קלייטלאַך אַראָפּוואַרפן, — אין די אַלע אומגליקן — האָט מען געזאָגט — זיינען שולדיק משה׳לע בחורס גרויסע זינד.

איך אַליין, אַחוץ וואָס איך בין אים געווען אַ דם־שונא, דערפאַר וואָס ער איז אַזאַ גרויסער רשע, האָב איך אים נאָך פיינט געהאַט אויך דערפאַר, וואָס ער האָט מיר אַליין אַ סך שלעכטס געטאָן.

פרייטיק, ווען די מאַמע האָט מיך לכבוד שבת אויסגע־צוואָגן, אָרומגעוואַשן, אָנגעטאָן אין מיינע שבת׳דיקע מלבושים׳לאַך, מיך אויסגעפוצט און פאַרדרייט שיין מיינע פאה׳קעלאַך, פלעג איך אַ גליקלאַכער אַרויספליען פון שטוב.

משה׳לע פלעגט דענסטמאָל דורכגיין פאַרביי אונזער שטוב, פלעגט ער מיך ווי אַ רשע אָנכאַפּן ביי דער פּאה, זאָגנדיק:

— האָסט שוין געגעסן צימעס מיט לאָקשן? ווען ווערסטו שוין אַ חתן? דיין טאַטע האָט שוין צו דרייצן יאָר חתונה געהאַט, און דו ביסט נאָך אַ בחור!

אַזוי פלעגט ער פון מיר לאַכן און חוזק מאַכן, און אַזוי האַלטנדיק מיט זיינע גרויסע, גראָבע פינגער מיינע פּאה׳לאַך פלעגט ער זיי צעבאַרשטן.

— רשע! — פלעג איך אים נאָכשרייען. ער פלעגט אָפּ־לאָזן מיינע פּאות און איך פלעג אַנטלויפן.

אַ גאַנץ יאָר פלעגט ער נאָר טאָן עבירות, נאָר ווען עס איז געקומען ערב יום־כּיפּור, פלעגט ער מיט אַ טלית קומען דאַוונען, ווייל מען האָט דערציילט, אַז ווען ער האָט אַמאָל חתונה געהאַט און זיין ווייב האָט דערזען צו וואָס פאַר אַ רשע אַ מאַן זי איז אַריינגעפאַלן, איז זי פון גרויס צער גע־שטאָרבן נאָך דער חתונה. נאָר דער טלית איז אים געבליבן עד היום ניי ווי אַ שפּיגעלע...

ער פלעגט אַריבערוואַרפן דעם טלית איבערן קאָפּ און דאַוונען ווי אַן ערלאַכער איד: נאָך דעם דאַוונען פלעגט ער זיך לאָזן שלאָגן מלקות און גאַנץ יום־כּפּור ניט אַרויס פון בית־המדרש און פאַסטן.

זיין פּנים האָט דענסטמאָל אויסגעזען ערנסט און דער־שראָקן און מיר אַלע האָבן געוואוסט, פאַרוואָס ער שרעקט זיך אַזוי שטאַרק: וואָרים ווער דען האָט נאָך געהאַט אויף זיך אַזוי פיל עבירות ווי משה׳לע דער בחור?

אָבער ווי עס איז נאָר געקומען נאָך יום־כּפּור, איז ער געוואָרן צוריק דער אייגענער רשע וואָס פריער און ווידער געטאָן אַ גאַנץ יאָר גרויסע עבירות.

.4

ערב יום־כּפּור נאָך שחרית, שטייענדיק לעבן הירשל דעם שמש און דערזעענדיק ווי דער רשע משה'לע בחור האָט זיך אַנידערגעלייגט אויף אַלע פיר, האָב איך געפילט, אַז דער גיהנום ברענט אונטער אים און אין הימל איז אַ גרויסער רעש געוואָרן. הייס איז מיר געוואָרן אין אַלע מיינע אברים און פאַר מיינע אויגן האָבן זיך געדרייט קאָלירנדיקע רינגען און רינגעלאַך פון וועלכע עס האָבן געשפּריצט קליינע פייער־לאַך.

„אַזאַ יום־הדין, און אַזאַ רשע!“ האָב איך זיך גע־טראַכט: „וואָס קאָן אים העלפן הירשלס שוואַכע מלקות, די אייגענע מלקות, מיט וועלכע מען שלאָגט דעם רב און אַזאַ פרומען אידן, ווי ר' שלום איצע!...“

איך קוק ווידער ווי הירשל שלאָגט מלקות איבער דעם רשעס פּלייצעס פּונקט אַזוי שוואַך ווי ר' שלום איצען, נאָר הירשלס פּנים האָט זיך פאַרקנייטשט, ווי איינער וואָס ליידט פון יסורים, און איך לייען אויף זיין פּנים דאָס, וואָס איך וויל: וועט דען אַזאַ גרויסן רשע מיינע מלקות אָראָפּנעמען זיינע זינד, פון וועלכע מיר אַליין ליידן?...

איך ציטער מיט אַלע מיינע אברים פון שרעק, געמישט מיט רחמנות אויף דעם אומגליקלאַכן רשע, וואָס דער גיהנום

וועט קאַרג זיין פאַר אים. איך פאַרשטיי, אַז משה׳לע דאַרף אַ סך תשובה טאָן, זיך אַ סך פייניקן, ביז גאָט זאָל אים כאָטש אַביסל פאַרגעבן זיינע עבירות, אַז אידישע קינדער און די אידן פון די מאַרק קלייטלאַך זאָלן ניט דאַרפן אומזיסט ליידן פון זיינע זינד. איך הייב אָן נאָך שטאַרקער רחמנות צו האָבן אויף משה׳לע בחור און אויף אַלע אידן און קראַנקע קינדער. וואָס דאַרפן נעבאַך אומזיסט ליידן איבער דעם רשע, און עס קומט מיר אויף דעם געדאַנק — העלפן דעם רשע מיט עפּעס, אַז אין דעם פאָרכטיקן טאָג, אין דעם יום־הדין זאָל אים גאָט פאַרגעבן כאָטש אַ העלפט פון זיינע זינד; און פּלוצים דער־מאָן איך זיך, אַז איך האָב מיינם אַ לעדערן פּאַסיקל מיט אַן אייזערנעם ספּראָנטשיק; און איך כאַפּ אויף גיך אַרוים דאָס לעדערן פּאַסיקל און גלייך מיט דעם ספּראָנטשיק דערלאַנג איך דעם רשע, ווי עס דאַרף צו זיין און אַנטלויף...

איך הער פון הינטער מיר, אַז משה׳לע האָט אויז אַ גע־שריי געטאָן פון ווייטיק.

— אַ, אַ, — טראַכט איך מיר, שוין פון יענער זייט בית־המדרש, — ער האָט דערפילט... מיין ספּראָנטשיק האָט אים גוט דערלאַנגט... עס האָט אים שטאַרק ווי געטאָן... וועט מען זיינע זינד פאַרגעבן און אַלע אידן וועלן ווינציקער גע־שטראָפט ווערן איבער דעם רשעס גרויסע זינד!

און פון דעם געדאַנק איז מיר מיין האַרץ פול געוואָרן מיט פרייד, וואָס איך האָב אַ טובה געטאָן דעם רשע, אַ טובה געטאָן דער גאַנצער שטאָט אידן...

מ. ספּעקטאָר.

# די קערה

אַלע ערב יום־כפורים,
איידער ס׳פלעגט די זון פאַרגיין,
פלעגן אין פאָרהויז פון בית־מדרש
אויסגעשטעלטע טישן שטיין.

און די טישן פול מיט קערות,
אויסגעשטעלטע אין דער ריי;
זיין נדבה וואַרפט דאָרט יעדער,
ווער עס גייט דעם טיש פאַרביי.

„פאַר די אידן אין מאָראָקאָ״,
און „פאַר די ברידער אין דער ווייט״,
און „פאַר שיך פאַר אָר׳מע קינדער״,
און „פאַר האָלץ פאַר אָר׳מע לייט״.

יעדער צעטל אין דער קערה
איז איין אומגליק און געשריי:
יעדער אויפשריפט אין דער קערה
פלעגט דערמאָנען וועגן זיי.

ביז די קערות פלעגן ענדלאַך
ווערן אָנגעפילט מיט געלט,
אידן זיינען ווידער אידן —
און די וועלט איז ווידער וועלט...

אברהם רייזען.

# ערב יום-כפור

דער טיש איז מיט ווייסן באַצויגן,
מיט גלאַנציקע לייכטער באַשיינט;
די מאַמע מאַכט צו אירע אויגן,
און בענטשט, און כליפּעט און וויינט.

דער טאַטע אין ווייסע בגדים,
זיין קאַפּל, ווי שניי אויפן קאָפּ;
דער זיידע איז ווייס ביז אַ פּאַדים,
זיין באָרד הענגט ווי זילבער אַראָפּ.

מען וואַשט זיך, מען זעצט זיך פאַרפאַסטן,
די ביסנס מיט טרערן געמישט —
עס ווערט פון געווירציקן קאַסטן,
די חלה מיט האָניק געמישט.

ס׳בעט איינער דעם אַנדערן איבער,
און יעדערער שענקט און פאַרגיט;
עס גייען די אויגן אַריבער,
עס לייכט די נשמה און ליבט.

דאַן לייגט מען די הענט אויף די קינדער,
מען בענטשט זיי מיט צערטלאַכן בליק;
„אַ, ווערט אונז צום ניי־יאָר ניט מינדער,
און לעבט אונז אין נחת און גליק“.

מ. ראזנפעלד.

# ניסים אויפֿן ים



אין דער מדינה האָלאַנד, אין אַ האַלב איינגעזונקען הייזל ביים ברעג פֿון ים, האָט געוואוינט אַ אידי־שער פֿישער מיטן נאָמען סאַטיע. פֿון אָבות־אבותיו אַ פֿישער, פֿאַרברענגט טעג און יאָרן אויפֿן ים. סאַטיע כאַפּט פֿיש, דאָס ווייב זיינס שטריקט נעצן און פֿירט די שטוב, די קליינע קינדערלאַך וואַל־גערן זיך אין זאַמד און זוכן בורשטין... און אַז סאַטיע גייט אויפֿן ים און עס מאַכט זיך אַ שטורעם־ווינט, עס ווערט סכנת־נפֿשות, קען ער אַפֿילו קיין שמע־ישראל ניט זאָגן.

און פֿון וואַנען האָבן זיי געזאָלט וויסן מער? צו־פֿוס גיין אין קהילה אַריין — איז וווייט; פֿאָרן האָט די אָרימע פֿאַמיליע, וואָס האָט קוים פּרנסה געהאַט, נישט גע־קאָנט. און אַחוץ דעם, לאָזט דער ים נישט אַוועק. סאַטיעס פֿאָטער, סאַטיעס זיידע און עלטער־זיידע זיינען אומגעקומען אויפֿן ים. נאָר אַזאַ כּוח האָט ער שוין, דער ים: ער איז דעם מענטשנס געפֿערלאַכסטער שׂונא, און — ליב האָט מען אים.

און ציען ווערט מען געצויגן צו אים, ווי מיט צוואנגען...
און מען קען זיך פון אים ניט אָפּרייסן, ווייל מען לעבן אויף אים און אונטערגיין אין אים...

נאָר איין אידישער מנהג איז אין דער משפּחה געבליבן — יום־כּיפּור!

ערב יום־כּיפּור אינדערפרי האָט מען אויסגעקליבן דעם גרעסטן פיש און די גאַנצע משפּחה איז געגאַנגען מיטן פיש אין שטאָט אַריין, און אָפּגעגעבן האָט מען דעם פיש דעם קהל׳שן שוחט, ביי וועלכן מען פלעגט זיך פאַרפאַסטן און עסן נאָכן תּענית.

יום־כּיפּור ביים דאַוונען פלעגט דעם פישערס משפּחה זיצן אין בית־המדרש און קוקן צום אָרון־קודש; דאַוונען האָבן זיי ניט געקאָנט. טיילמאָל פלעגט סאַטיע פאַר מיד־קייט איינדרימלען, האָט אים אַ שכן, מיט אַן עלנבויגן צום אויפשטיין געוועקט.

און באַלד נאָך יום־כּיפּור פלעגט סאַטיע מיטן ווייב און מיט די קינדערלאַך זיך אויפהייבן, געזעגענען זיך מיטן שוחט און זיין הויזגעזינד און אַוועקגיין און וואַנדערן אַ גאַנ־צע נאַכט צום ים. נישט „אַהיים" פלעגט מען זאָגן, נאָר — „צום ים".

קיין בעל־דברן איז סאַטיע נישט; דער ים לערנט שווייגן, נאָר די שטאָט האָט ער פיינט: ענג, אַן לופט און אָן הימל. אַ פאַסיקל צווישן דאַך און דאַך... אויפן ים, אָבער, אַ רחבות... עס אָטעמט זיך.

— עס איז דאָך אָבער אייער שונא... אייער טויט! — טענה'ט מען צו אים.

— אָבער אַ גוטער טויט.

ער וויל האָבן זיין פאַטערס און זיידנס סוף — איינגע־שלונגען ווערן געזונטערהייט פון ים, נישט קרענקען און גוס'ען אַ צייט לאַנג אויף אַ בעט...

און מען גייט צופוס אהיים, צום ים...

און אַז מען גייט צופוס איבער נאַכט, און עס הייבט אָן גרויען דער טאָג, און מען דערזעט דעם גאָלדענעם אָפּגלאַנץ פון זאַמדיקן ברעג, און דערנאָך בליצט אויף דער שפּיגל פון ים, דערפרייט מען זיך, פאַטשט מען מיט די הענט...

און אַזוי גייט עס פון יאָר צו יאָר.

ויהי היום, איינמאָל פאַרטאָג, קוים געררויטלט האָט זיך דער מזרח, שטיל וועקט זיך אויף דער ים, קוים עס הערט זיך זיין ברומען, קוים ער אָטעמט, ער ציט זיך פויל און נאָך פאַר'חלום'ט אוים און ציט זיך איין... וואו־נישט־וואו פלאַ־קערט אין דער בלויער לופט אַ פּאָר ווייסע פליגל, שרייט אויף אַן עוף... און ווייטער שטיל... שטילע גלאַנצן פליען אי־בערן ים, גאָלדענע פלעקן גליטשן זיך איבערן געלן זאַמד, פאַרמאַכט זיינען די שיפער־שטיבלאַך איבערן ברעג, נאָר איין טיר סקריפּעט, — סאַטיע גייט אַרויס...

ערב יום־כפּור איז היינט, פרום און ערנסט איז זיין פּנים, שטיל לויכטן אים די אויגן: ער גייט טאָן אַ מצווה — כאַפּן אַ פיש אויף יום־כיפּור!

**און ער גייט צום שיפל צו און נעמט אָן די קייט, מיט**

וועלכער עס איז געווען צוגעבונדן צום ברעג. די קייט קלינגט, און קולות דערהערן זיך רעכטס און לינקס:

— ניטע, ניטע!

דאָס רופן צו אים די שכנים, וואָס האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּ פון די קליינע פענסטערלאַך.

רואיק און שטיל ליגט ווייט און ברייט אויסגעגאָסן דער ים, צוזאַמענגעגאָסן מיטן זוים פון פרישן, לאַכנדיקן, פריי־לאַכן הימל... קוים ער אָטעמט, דער ים, קוים ער רונצלט זיך ביים ברעג און ווי ביי אַ גוטער באָבען, טאַנצן ליכטיק־גלאַנציקע שמייכלען צווישן די רונצלען... און עפּעס מור־מעלט ער, אַ באָבע־מעשה דערציילט דער ים, די צעוואָרפענע, מיט לאַנגע וואַסער פלאַנצן, באַוואַקסענע שטיקער פעלזן, און ער גלעט זיי איבער די האָר שמייכלענדיק, שפּילנדיק — דער פישער, אָבער, קען בעסער דעם ים, און ער גלייבט אים נישט.

— ניטע...

און אַ באָרוועסער אַלטער מאַן, מיט אַ פלאַטערדיקן גרויען קאָפּ אָן אַ היטל, מיט אַן איינגעשרופּטן פּנים, ווי דער ים, נאָר אָן זיין פאַלשן זיסן שמייכל, קומט אַרויס פון שטיבל, גייט צו סאַטיען צו און לייגט אים אַרויף די האַנט אויפן אַקסל:

און ער ווייזט אים אַ קליין שוואַרץ פּינטעלע, וואָס נאָר אַ פישער־אויג קאָן דערזען אויפן זוים פון הימל —

— פון דעם וואַקסט אַרויס אַ וואָלקן...

— כ׳וועל פריער צוריק אין דערהיים זײַן, — ענטפערט סאַטיע, — איין פיש וועל איך נאָר כאַפּן.

און ערנסטער ווערט דאָס פּנים ביי דעם אַלטן שכן.

— האָסט אַ ווייב און קינד, סאַטיע!

— און אַ גאָט אין הימל! — ענטפערט סאַטיע מיט ביטחון; ער גייט זיין מצווה טאָן... און ער שטופּט אָפּ דאָס שיפל און שפּרינגט אַריין...

און לייכט ווי אַ פעדער טראָגט זיך סאַטיעס שיפל איבערן ים, און דערווײַנט וויגט עס אַרום זיס־ברומענדיק, אַזוי ליבלאַך און זוימט עס און וויקלט עס אַרום מיט די שענסטע פּערל, וואָס ער פאַרמאָגט — און דער אַלטער פישער שטייט אויפן ברעג און מורמלט:

סאַנטאַ מאַריאַ, סאַנטאַ מאַריאַ!

לייכט טראָגט זיך סאַטיעס שיפל איבערן ים — גע־שיקט וואַרפט סאַטיע אַראָפּ זיין נעץ און שווער און שווע־רער ווערט די נעץ, און מיט אַלע כוחות ציט ער זי קוים אַרויס און געפינט אין איר וואַסער־פלאַנצן, ים־שטערן, — נאָר נישט קיין איינציקן פיש...

דער אַלטער פישער אויפן ברעג האָט דאָס שיפל שוין פאַרלוירן פון אויג; סאַטיע ציט שוין צום דריטן מאָל און צום פערטן מאָל אַרויס די נעץ; נישט לייכט איז זי אַרויסצוציען. אַלערליי וואַסער־פלאַנצן האָבן זיך אין אירע אויגן פאַר־פלאָכטן — נאָר קיין איינציקער פיש...

און דער ים וויגט זיך און צעוויגט זיך וואָס אַמאָל שטאַרקער, און אויפן הימל איז שוין אַרויסגעשוואומען די

זון. נאר פייכט איז איר גלאנץ — אַ פארוויינטע זון; און דאָס שווארצע פינטעלע אין עק הימל האָט זיך אויסגעצויגן הארט ביי דער זון, ווי אַ ברוינע שלאנג, און ווערט טונקע־לער און טונקעלער און רוקט זיך צו דער זון...

עס איז שוין האלבער טאָג, און סאַטיע שווימט און שווימט, פּרוואווט און פּרוואווט זיין מזל.

— גאָט, — טראַכט ער, — וויל נישט איך זאָל דאָס יאָר מקיים זיין די מצווה. און טרויעריק ווערט אים אויפן הארצן, און ער נעמט דעם רודער פעסט אין דער האנט אריין און וויל שוין אויסדרייען דאָס שיפל צוריק, נאָר אין דער זעלבער רגע באַקומט ער אַ שפּריץ אין פּנים אריין, און ער דרייט זיך אוים און דערזעט, ווי אַ גרויסער גאָלדענער פיש ווארפט זיך, שפּילנדיק זיך איבערן ים און שפּרינגט מיטן וויידל אי־בערן וואסער.

ע! דעם פיש מוז ער כאַפּן. און ער דרייט צוריק אוים און יאָגט זיך נאָך דעם פיש...

און דער ים איז שוין צעוויגט, כוואַליעס הייבן זיך הע־כער און העכער... אַ האלבע זון איז שוין מיט אַ וואָלקן באַדעקט, בונטן ווייסע שטראַלן רייסן זיך קרום פון אונטערן וואָלקן און דער פיש שווימט איבער די פּלייצעס פון די כוואַ־ליעס און סאַטיעס שיפל נאָך, נאָך... און פארשוואונדן ווערט פּלוצלינג דער פיש, צווישן אים און סאַטיעס שיפל הייבט זיך אויף אַ וואַל, אויפגעבלאָזן, אויפגעיאָגט פון ווינט...

— עס נאַרט מיך, עס בלענדט מיר די אויגן! — טראַכט סאַטיע און וויל ווייטער אויסדרייען דאָס שיפל און שווימען

צוריק. אין דער זעלבער רגע לייגט זיך אָבער די כוואַליע, ווי זי וואָלט מיט אַמאָל איינגעזונקען געוואָרן: כמעט צום שיפל צו שווימט צו דער פיש און קוקט אויף אים מיט גרויסע אויגן, גלייך ער בעט זיך: נעם מיך, נעם מיך...

דריט סאַטיע צוריק אוים — פאַרלוירן וווערט דער פיש!
אַ נייע כוואַליע שווימט אויף צווישן אים און דעם שיפל, און עס הייבט זיך אָן ווידער דער שטורעם פון ים! און גלייך זי וואָלט זיך פאַרן ים דערשראָקן, באַהאַלט זיך אונטערן וואָלקן די זון... און דער ווינט צעיאָגט זיך מיט גרויס צאָרן, און ער שמייסט און פאַטשט ווי מיט ריטער, און רייצט נאָך מער אויף דעם ים, און דער ים ברויזט זיך און קנאַקט, גלייך טויזנטער פאַסן שפּילן אין זיינע געדערים, קעסל-פּויקן אין זיינע כוואַליעס...

— אַהיים, אַהיים! — קלאַפּט ביי סאַטיען דאָס האַרץ, און ער נעמט צוזאַמען די נעצן אין שיפל אַריין, און כאַפּט שטאַרקער אָן דעם רודער, און אַרבעט מיט אַלע כוחות. די אָדערן אין דער האַנט ווילן פּלאַצן. ווי אַ הוילע נוס וואַרפט זיך דאָס שיפל אויף און אָפּ איבער די כוואַליעס, פאַרשוואַרצט איז דער הימל, ברוין-צאָרנדיק דער צעבראָכענער ים — און ער אַרבעט אַלץ — אַהיים, אַהיים!

פּלוצלונג דערזעט ער, עפּעס שווימט צו אים צו פון דער זייט, — אַ מענטשלאַכער קערפּער שווימט, אַ דערטרונקענער, אַ פרוי איז עס; פאַר איר שווימען די האָר — זיין ווייב האָט אַזוינע האָר... פון אונטער די האָר באַווייזן זיך ווייסע הענט — זיין ווייב האָט אַזוינע הענט... און אַ קול

רופט: ראטעווע! — זיין ווייבס קול... זי האט אים גע־מוזט נאכשווימען אויפן צווייטן שיפל. זי טרינקט זיך, זי רופט נאך זיין הילף...

און ער דרייט דאס שיפל אוים רעכטס און וויל צו צום קערפער. — דער ים לאזט נישט! כוואליעס הייבן זיך אין דער מיט, דער שטורעם רייסט און וואיעט — נאר אין דעם שטורעם הערט ער איר קול: העלף! סאטיע, העלף...

און ער שטרענגט אן אלע קרעפטן צוצושווימען, און אט איז ער שוין ניט ווייט פון ווייסן פלעק; די האר זעט ער שוין נישט, נאר דאס שווימענדיקע, זינקענדיקע קלייד, מיטן רד־דער צו דערלאנגען... נאר אין דערמיט, צווישן אים און זיין ווייב, הייבט זיך אויף א וואל, שטויסט זי אפ אין איין זייט, דאס שיפל — אין דער צווייטער...

— א פארבלענדעניש! — טראכט ער, זיך דערמאנענ־דיק, אז דאס זעלבע האט ער געהאט מיטן גאלדענעם פיש; און נישט־ווילנדיקווארפט ער אן אויג צום ברעג, זעט ער, ווי עס לייכט זיך שוין אין די פישער־הייזלאך די פענסטער.

— יום־כפור! — דערמאנט ער זיך, און לאזט פלוצלונג ארוים פון האנט דעם רודער.

און דער ווינט רייסט זיך, אין כף־הקלע ווארפן די כוואַ־ליעס דאס שיפל; און סאטיע, ווי ער האט ארויסגעלאזט דעם רודער פון דער האנט, אזוי זיצט ער רואיק, און קוקט מיט אפענע אויגן אמאל צום פארשלאסענעם הימל ארויף, אמאל צום קאכנדיקן, שווייגנדיקן ים אראפ.

— טו מיט מיר, וואס דו ווילסט! זאל דיין רצון געשען...

פלוצים דערמאָנט ער זיך אין אַ יום־כפור׳דיקן ניגון, און ער הייבט אָן נאָכצוזינגען דעם ניגון. דער הימל ווערט שווארצער, די כוואַליעס הייבן זיך העכער און העכער, שאַר־פער נאָך בלאָזט דער ווינט... דאָס שיפל וואַרפט זיך באַרג־אויף, באַרג־אָפּ, איין כוואַליע וואַרפט עס צום צווייטן... איינע רייסט אים אַרויס און שליידערט אים אַוועק דעם רו־דער, אַ צווייטע קומט אָן פון הינטן און יאָגט זיך נאָך נאָכן שיפל מיט אַן אָפן מויל... דער ווינט רייסט ווי טויזנטער וועלף — און אין דעם געדודער אַריין זינגט סאַטיע דעם יום־כפור׳דיקן ניגון...

די כוואַליע שלאָגט אין שיפל אַריין, סאַטיע וויל שטאַרבן זינגענדיק, נאָר דאָס שיפל קערט זיך איבער... אָבער סאַ־טיען איז נאָך דער טויט נישט באַשערט...

צוויי ווייסע געשטאַלטן, ווי פון נעפּל געוועבט, גייען האַלטנדיק זיך ביי די הענט, באַרוועס, מיט צעפלאָסענע האָר און לייכטנדיקע אויגן איבערן ים, און ווי סאַטיע דרייט זיך איבער מיטן שיפל, קומען זיי צו, הייבן אים אויף, נעמען אים צווישן זיך און גייען מיט אים אונטער די אָרים און טרעטן מיט אים איבער די כוואַליעס, ווי איבער בייטן און בערג־לאַך, און פירן אים אַזוי געאָרימט צווישן ווינט און געטומל. ער קוקט און וויל רעדן, עפּעס פרעגן וויל ער — נאָר זיי זאָגן אים:

— זינג בעסער, סאַטיע, זינג! דיין געזאַנג וועט גובר זיין דעם צאָרן פון ים...

זיי גייען מיט אים און סאַטיע זינגט, ווי דאָס שיפל

זיינס גייט אים נאָך... ער דרייט זיך אוים — דאָס שיפל מיט דער נעץ, און אין דער נעץ איז פאַרוויקלט דער גאָל-דענער פיש...

און אַז זיי האָבן אים צוגעפירט צום ברעג און געלאָזט אים אַהיים, האָט ער געטראָפן ביי זיך דעם שוחט מיט דער שוחט'קע.

אין שטאָט איז אַ שרפה געווען, זיינען זיי געקומען צו אים צו גאַסט...

האָט מען געקוילעט דעם פיש און — מנהג איז געבליבן מנהג.

י. ל. פרץ.



# מיין ערשטער תענית



ו י ן גלייך נאָך ראש השנה האָט איך ערקלערט, אַז איך וועל פאַסטן יום-כפור.

— זאָג ניט אַזוי, מיין קינד,—האָט דער טאַטע תיכּף זיך אָנגערופן, ניט אַזוי אומצופרידן ווי דערשראָקן. — דו טאָרסט ניט זאָגן: דו וועסט, — דאָס איז אַזוי גוט, ווי אַ נדר. זאָג: דו וועסט זיך סטאַרען.

— דו וועסט זען! — האָב איך שוין געזאָגט איינגע-עקשנ'ט.

— נאָך צו פרי פאַר דיר, קינדעלע, — האָט די מאַמע זיך אַריינגעמישט, מיט אַ טיפן רחמנות און אין דער זעלביקער צייט מיט אַן אמת'ן נחת, וואָס אַזוי יונג, ווי איך בין, אייל איך זיך שוין אונטערצושטעלן מיינע קליינע פּלייטשקעס אונטער דעם שווערן יאָך פון אידישקייט. — וואַרט נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר.

— איר'ט זען, איר'ט זען! — האָב איך געענטפערט מיט פאַרדראָס, וואָס מען וויל מיך ניט נעמען ערנסט.

נאָר פון דער רגע אָן בין איך אין שטוב אויסגעוואַקסן מיט אַ גאַנצן קאָפּ. די מאַמע האָט אַלעמען געלאָזט פילן די גבורה, וואָס איך קלייב זיך ווייזן און הגם זי האָט שטענדיק צוגעזען מיין טעלער ביים עסן, און פיל איך האָב ניט געגעסן איז פאַר איר ניט געווען גענוג, נאָר איצט, דאַכט זיך, אויב

דאָס איז נאָר מעגלאַך געווען, האָט זי מיר נאָך מער אַריינ־געקוקט אין מויל.

— עס, מיין קינד, דו דאַרפסט אָנקלייבן כחות צו אַזאַ תענית, ווען דו ווילסט מיט אַן אמת פאַסטן.

ביז יענעם יאָר האָב איך כפּרות געשלאָגן מיט געלט, און צו זאָגן דעם אמת איז מיר די דאָזיקע כפּרה געווען זייער געפעלן, ווייל אויב אַ טייל האָב איך אַליין צעטיילט אויף צדקה האָב איך אויך אַ טייל געקענט אויסגעבן אויף נאַשע־ריי. נאָר איצט האָט די מאַמע באַשלאָסן, אַז איך דאַרף האָבן אַ הענדל אויף כפּרות, ווי עס פּאַסט פאַר אַ אינגל, וואָס קלייבט זיך צו פאַסטן.

נאָר טאָקע ערב יום־כּפּור איז די מאַמעס פּלוצים שוואַך געוואָרן מיט דער דעה וועגן מיין פאַסטן. זי האָט מיך אָפּ־געמאָסטן מיט אירע פאַרוויינטע אויגן און געוויזן אויף אַ פאָלקע עוף און געזאָגט, אַז פאַרן ערשטן מאָל וועט זיין גענוג צו פאַסטן ביז נאָך מוסף און איך זאָל קומען און אונטער־שפּאַרן דערמיט דאָס האַרץ.

איך האָב דאַרויף ניט געענטפערט, נאָר מיין באַשלוס איז איצט געווען שטאַרקער ווי פריער, אַז אפילו איך זאָל ממש אויסגיין פון הונגער, וועל איך זיך צו קיין שפייז ניט צורירן.

אַלע מיינע געדאַנקען זיינען פון כּל־נדרי אָן געווען פאַר־נומען מיטן תענית און אַלע מיינע גלידער האָבן דאַכט זיך געשריען צו אַלעמען: „איך פאַסט!“ און עס קען זיין, אַז טאַקע צוליב דעם האָב איך שוין אין אָוונט אָנגעהויבן צו

פילן אַ הונגער, הגם ביי דער פֿאַרנאַכטיקער סעודה האָב איך זיך אַזוי אָנגעגעסן, אַז איך האָב זיכער געדאַרפֿט זיין זאַט אַ גאַנצן מעת לעת.

אַזוי גיך ווי איך האָב אויפֿגעעפֿנט די אויגן אין דער־פֿרי, איז מיין ערשטער געדאַנק געווען: „איך פֿאַסט!" און דער דאָזיקער געדאַנק האָט מיך פֿריילאַכער געמאַכט, ניט קוקנדיק אויף דער אימה און דעם פּחד, וואָס זיינען געהאַנגען שווער איבערן גאַנצן שטעטל.

אין אַ געהויבענער שטימונג האָב איך זיך געפֿילט דעם גאַנצן שחרית. און די שטימונג איז געווען אַזוי געהויבן, אַז איך האָב גאָר ניט געטראַכטערהייט אויפֿן אָרט באַשלאָסן ניט נאָר צו פֿאַסטן, נאָר אויך אָפּצושטיין דעם גאַנצן טאָג אויף די פֿיס, ווי מיין פֿעטער האָט זיך נוהג געווען יום־כּפּור. נאָר וועגן דעם דאָזיקן באַשלוס האָב איך קיינעם ניט דער־ציילט, ווייל איך בין ניט געווען אין גאַנצן זיכער, צי איך וועל עס קענען דערווייזן.

דער ערשטער וואָס האָט מיר די דאָזיקע שטימונג פֿאַר־דאַרבן איז געווען נאָטע דעם שענקערס אַ אינגעלע. חיים'קע האָט ער געהייסן, מיט שיטערע בלאָנדע הערלאַך און אַן אויסגעדאַרטער, אויסגעקוואַרטער. נאָטע האָט אַ קוק גע־טאָן אויף זיין האַלב פֿאַרשמאַכטן אינגל און אַ וואונק געטאָן צו אים ער זאָל אַרונטערקריכן אונטערן באַנק און דערלאַנגט אים עפּעס איינגעוויקלט אין אַ פּאַפּיר. חיים'קע האָט זיך ניט געלאָזט בעטן, געעפֿנט דעם פּאַפּיר און אַרויסגעשלעפּט אַ גרויסן הינערשן פּופּעק און אַ שטיק חלה און מיט די קליינע

ציינדלאַך האָט ער זיך איינגעביסן אין דעם אַרויסגעסטאַר־
טשעטן בלוילאַכן פלייש און מיט צוויי דריי בים איז ער דער־
מיט געוואָרן פאַרטיק, דערנאָך האָט ער זיך גענומען צום
האַרטן טייל און געביסן מיט די שאַרפע ציינדלאַך און גע־
טרייסלט מיטן קעפל אַהין און אַהער, כדי אַריינצונעמען
מער קראַפט אין דעם בים.

איך האָב נאָכגעקוקט יעדע באַוועגונג זיינע און דער־
פילט עפּעס אַ חלשות אין האַרצן. דאָס איז געווען דאָס ערש־
טע מאָל וואָס איך האָט אַרויסגענומען מיינע יום כפור טראָפּנס
און אַ שמעק געטאָן טאַקע מיט אַן אמת צו דערהאַלטן די
כחות.

צו מוסף האָב איך שוין געהאַט אַ שווערן קאַמף מיט זיך.
די פאָלקע הון אין דערהיים האָט צו מיר געוואונקען דורך די
תפלות און אַפילו. ווען איך האָב געהאַלטן די אויגן פאַר־
מאַכט. די מערסטע צייט האָב איך פאַרבראַכט אין דרויסן.
איך בין געזעסן אויף אַ שטיין פאַרן קלויז און האָב געמיינט,
אַז די נשמה גייט מיר אויס. די כחות האָבן מיר אַזוי אָפּגע־
לאָזט, אַז איך האָב זיך אַפילו קיין ריר ניט געטאָן, ווען עס
איז געוואָרן אַ געלאַף איבער די טרעפּ צו „עזרת נשים" און
שטאַפּעטן זיינען באַלד געפלויגן, אַז חיה ביילע, שמואל דוד
דעם דיינ'ס ווייב האָט גע'חלש'ט. מיט שווערקייט האָב איך
זיך אויפגעהויבן. ווען דער טאַטע האָט אָנגעקלאַפּט אין
פענסטער און דערמיט געלאָזט מיר וויסן, אַז אַ תפילה קומט.
די פייערלאַכקייט וואָס יעדע תפילה האָט געוויינטלאַך
אַרויסגערופן, האָט מיר איצט אין גאַנצן געפעלט, און די

רירנדסטע תפילות זיינען איצט עפּעס בלייך געוואָרן. איך האָב ממש מורא געקראָגן צו קוקן אויפן זייגער, איך זאָל ניט וויסן ווי לאַנג די דאָזיקע אַגאַניע וועט זיך ציען.

צו מנחה זיינען די שאַרפע יסורים אין גאַנצן איבער־געגאַנגען. איך האָב נאָר געפילט אַ שוואַכקייט, נאָר איצט האָב איך שוין שטאָלצירט מיט מיין שוואַכקייט, און ווען עמיצער פון די חלושים איז אַרוים פון קלויז און געזעצט זיך לעבן מיר אויף אַ שטיין, איז צו מיין גדולה ניט געווען קיין שיעור. און אַז מען זאָל חס ושלום קיין טעות ניט האָבן און אַלע זאָלן וויסן אַז איך פאַסט, האָב איך קאָפּירט אַברהם איטשע דעם בעל אכסניא, וואָס איז געווען איינער פון די שענסטע בעלי בתים און האָב אַזוי געלאָזט מיין קאָפּ אַרונ־טערהענגען אָן אַ זייט ווי ער, און נאָכגעמאַכט פּינקטלאַך זיינע שוואַכע טריט און האָב זיך אַפילו אויסגעגלייכט ווי ער, ווען איך בין אַריין צוריק אין קלויז און צוגעגאַנגען צו מיין שטאָט.

און ווען עס איז געקומען צו נעילה בין איך אויף די פיס געשטאַנען אַזוי ווי מיין שוואַכקייט וואָלט אין גאַנצן פאַר־שוואונדן און געזאָגט די תפילות מיטן גאַנצן פייער, וואָס עס האָט געפאָדערט.

דורכן לאַנגן מוסף בין איך עטלאַכע מאָל בייז געווען אויפן טאַטן, פאַר וואָס ער האָט זיך ניט ווילנדיק געמאַכט וועגן מיין תענית און ניט געווענדט זיך צו מיר מיטן הארבן וואָרט, אַז איך זאָל זיך אַריבערכאַפּן אַהיים און אַ בים טאָן. און איך האָב מיט זיך גערעדט, אַז די מאַמע וואָלט ניט אַזוי

געוועז. זי וואָלט מיך ניט געלאָזט ליגן אַ פּאָר׳חלש׳טער. נאָר ווען איך האָב תיכף נאָך מעריב אַרויסגענומען פון קעסטל זאַמד דאָס פאַרבליבענע שטיקל יום כפור ליכט, האָט דער טאַטע מיט פרייד אין די אויגן און אַ שמחה אין קול אַ זאָג געטאָן: „נו, איצט לויף אַהיים און כאַפּ עפּעס אין מויל".

— ניין, איך וועל מיט דיר מחדש זיין די לבנה, — האָב איך געענטפערט בריה׳שדיק.

און קיין העלד האָט זיך פון זיינע גרעסטע זיגן ניט צו־ריקגעקערט אַהיים מיט אַזאַ טריאומף, ווי איך, ווען איך בין מוצאי יום כפור געקומען פון שול אַהיים. פון דער הבדלה האָב איך געקראָגן מער פון די אַנדערע. די מאַמע האָט מיר דערלאַנגט אַ קענדל וואַסער צום וואַשן זיך צום עסן, און ווען מיר האָבן זיך געזעצט צום טיש האָב איך נאָך בדעה געהאַט צו עסן מיט יענער רואיקייט און איינגעהאַלטנקייט, ווי דער טאַטע, נאָר אַז איך האָב אַריינגענומען דעם ערשטן ביסן האָבן מיר אַזש אָנגעהויבן צו טרייסלען די ציינער פון הונ־גער און איך האָב זיך צוגעכאַפּט מיט אַזאַ זשעדנעקייט צום קאַלטן מיטאָג, אַז די מאַמע האָט שוין געפונען פאַר נייטיק צו וואָרענען מיך:

— עס ניט צופיל, איך האָב מורא עס זאָל דיר ניט שאַטן.

נאָר דערפאַר, ווען איך בין זאַט געוואָרן, האָב איך צו־ריק אָנגענומען אַ סטאַלנע מינע און גערעדט ווי אַ סטאַלנער מענטש וועגן די חלושים. פאַר ווּעמען דער תענית איז געווען זייער אַ שווערער און אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג אַזוי ווי איך וואָלט שוין געווען אַ באַיאָרנטער איד.

# אַ יום-כּיפּור מעשׂה'לע

שוין תפילה-זכה אָפּגעזאָגט
מיט טרערן און כּוונות...
דער עולם צו כּל-נדרי שוין
מאַכט זיפצנדיק הכנות...

דאָך ליידיק איז די מזרח-שטאָט
פון אַלטן רב ר' ניסן;
דער גבאי שיקט דעם שמש שנעל
די סיבה זיך דערוויסן...

מינוטן, שעה'ן ציען זיך
ווי קריכנדיקע שלאַנגען,
אַ וויסטע אַנגסט באַפאַלט די שול
און דריקט דאָס האַרץ מיט צוואַנגען...

דער חזן שטייט אין קיטל בלאַס
און מישט די מחזור-בלעטער...
די וואַקס-ליכט שפּריצן אין דער שטיל,
די נאַכט ווערט שפּעט און שפּעטער...

נו, אָט איז שוין דער שמש דאָ:
„זאָגט, וואָס פּאַסירט האָט, שנעלער?"
דער שמש סאָפּעט און דערציילט:
„אין שול-גאָס פון אַ קעלער —

דערהער איך פּלוצלונג אַ געזאַנג,
אַ זים כל-נדרי-ניגון,
ווי עמיצער וואָלט דאַוונדיק,
אַן עופה׳לע פאַרוויגן...

איך גיי אַראָפּ און טו אַ קוק —
איך בין פון שרעק פאַרגאַנגען...
ר׳ ניסן שטייט און וויגט אַ קינד
מיט הייליקע געזאַנגען...

די מאַמע איז אַוועק אין שול
איר האַרץ דאָרט אויסצוגיסן,
און ס׳קינד האָט, נעבאַך, שרייענדיק
די גאַל זיך אויסגעריסן...

נו, קלערט איר וואָס? דער גרויסער רב
דער גרייז, דער עוקר הרים,
דערהערט דאָס קול און נעמט דאָס קינד
מיט ליבשאַפט אויף די אָרים...

ער האָט דאָס קליינע נפש׳ל
אין טלית איינגעטוליעט,
און זינגענדיק „כל-נדרי" אים
געניאַנטשעט און געליוליעט...

# געגעסן



מעשה פון דריי, וואָס האָבן געגעסן.

ניט אין אַן איינפאַכן געוויינטלאַכן טאָג האָבן זיי געגעסן, נאָר אין יום־כפור; ניט באַהאַלטענערהייט, וואו קיינער זעט ניט, נאָר עפנטלאַך, אין דער גרויסער שול פאַר דעם גאַנצן עולם; און ניט עפּעס פּראָסטע גאַסנמענטשן זיינען עס געווען, וואָס קיינער קען זיי ניט און קיינער ווייס זיי ניט, נאָר די גרעסטע חשובים, די אָנגעזעענסטע לייט פון שטאָט: דער רב און דיביידע דיינים — און פּאָרט זיינען זיי געבליבן אויך ווייטער נאָך דער מעשה פונם עסן, די גרעסטע חשובים פון דער שטאָט, און גאַנץ קהל האָט אויף זיי געקוקט, ווי מען קוקט אויף הייליקע...

עפּעס אַ מערקווירדיקע מעשה!

**איך בין געווען דענסטמאָל נאָך אַ קליין קינד און האָב ניט רעכט פאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיך; אָבער געפילט האָב איך פּאָרט שוין, אַז דאָ ווערט עפּעס אַ גרויסע זאַך געטאָן.**

**יאָ, עס זיינען דענסטמאָל געווען ביטערע, פינסטערע טעג, ווי קיינמאָל נישט פריער און קיינמאָל נישט דערנאָך. אַן אומגליק איז פון הימל געקומען — צום ערשטן מאָל איז עס געקומען — און גערופן האָט מען עס מיט דעם נאָמען: באַלערע!...**

פון ווייטע לענדער, פון אזיע, איז זי געקומען צופאָרן, צו אונז, צו אונזער קליין שטעטל איז זי דערגאַנגען. אין דער גאַס האָט זי געאַרבעט אומדערבאַרמלאַך און אין די הייזער האָט זי געשטיקט אָן אַן אויפהער. ווער קען ציילן די טויטע וועלכע זיינען געפאַלן יענע טעג? ווער קען זיי אָנרופן ביי די נעמען און ווער וויים דעם חשבון פון די פרישע בערגלאַך, פון די נייע קברים?...

איבערהויפּט האָט די מגפה מעשים געאַרבעט אין דער אידישער גאַס. ווי די פליגן זיינען דאָרט געפאַלן, יונג און אַלט, קליין און גרויס. עס איז נישט געווען קיין הויז, וואו דאָרטן זאָלן נישט זיין כאָטש עטלאַכע טויטע.

און אַזוי איז אַוועק דער זומער, אַלע מאָל ווייטער, און דערנאָך זיינען געקומען די הייליקע טעג, און נאָך זיי דער הייליקסטער טאָג פון אַלע, יום-כפור.

אָט איז דער כל-נדרי...

פאָרן עמוד ביים ארון-קודש שטייט דאָס מאָל נישט דער חזן מיט צוויי חשוב׳ע בעלי-בתים, ווי דער מנהג איז פון קדמונים, נאָר עס שטייט דער רב מיט זיינעביידע דיינים. אַרום און אַרום ברענען ליכט, און ברענענדיק קנאַקן די פלאַ-מען פאַמעלאַך. דער עולם שטייט צו דער וואַנט צו, איינגע-הילט אין די טליתים און אין די ווייסע קיטלען, מיט ווייסע יאַרמעלקעס און ווייסע גאַרטלען; אויף די ווענט פליסן די שאָטנס אהין און אהער און שאָקלען זיך אָן אַן אויפהער, און פיל שטייען און קוקן אָן די שאָטנס אויף די ווענט. זיינען עס אפשר די שאָטנס פון די טויטע, וואָס זיינען היינט, וואָס

זיינען נעכטן, וואָס זיינען אייערנעכטן געשטאָרבן? שאָקלען זיי זיך דאָ אויף די ווענט? קענען זיי נישט איינרוען אין זייערע קברים און זיינען דאָ אהער געקומען?...

שטיל! דעם רבס קול הערט זיך איצט, און דערנאָך דאָס קול פון די דיינים — און דערנאָך ציטערט עס ווי אַ קרעכץ דורך דעם גאַנצן עולם.

און נאָך דעם קרעכץ הערן זיך ווערטער. אַ, מען זאָגט: „על דעת המקום, ועל דעת הקהל — מיט גאָטס דעה און מיט קהלם דעה זיינען מיר מתיר צו דאַוונען איצט מיט אַלע בעלי־עבירות צוזאַמען".

און איך האָרך און האָרך. צו וואָס רעדט דער רב אַזעל־כע רייד? וואו זיינען דאָס היינט פאַראַנען בעלי־עברה'ניקעס? צו וואָס דערמאָנט ער גאָר היינט אַזאַ וואָרט? האָט ער נישט מורא פאַר דעם שטן היינט אַזעלכעס צו דערמאָנען, היינט, אין אַזאַ צייט, אין אַזאַ ביטערער, אומגליקלאַכער, פינסטערער צייט?...

און אַ מורא, אַ פינסטערע, וויסטע, פאַלט אָן אויף מיר פלוצלונג, און איך מיין, אַז די זעלביקע מורא פאַלט אָן אין דער רגע אויף אַלעמען דאָ אין שול, אויף אַלט און יונג...

און פלוצלונג דערזע איך ווי דער רב גייט אַרויף אויף דעם באַלעמער.

וועט ער היינט זאָגן אַ דרשה? וויל ער דעם עולם טרייסטן און שטאַרקן?

אָבער איך הער, אַז ער זאָגט נישט קיין דרשה. עפּעס נייעס איז עס, אַ נייער מנהג, וואָס איז פריער גאָרנישט באַ־

קאַנט געווען: ער שטייט און איז מזכיר-נשמות אַלע טויטע, וועלכע זיינען געשטאָרבן אין דער לעצטער צייט, אין די לעצטע טעג. אַך, גרויסער גאָט! ווי לאַנג איז די מאָס פונם דאָזיקן צעטל, ווי גרוים איז די צאָל פון די נעמען, וועלכע ער דערמאָנט איצט! די מינוטן שווינדן, אַ מינוט נאָך אַ מינוט, און דער רב האַלט אַלץ נאָך נישט ביים סוף. וועט גאָר קיינ-מאָל נישט אויפהערן די לאַנגע רשימה? וועט שוין דאָס איי-ביק, אייביק דויערן?...

און פּלוצלונג פאַלט מיר איין, אַז דער רב וואָלט טויזנט מאָל גליכער געטאָן, ווען ער זאָל אויסרעכענען די לעבע-דיקע, וואָס לעבן נאָך — ווייל זיי זיינען דאָך שוין אַזוי ווינ-ציק, אַזוי קנאַפּ, אַז אין אַ פּאָר מינוט קען מען פאַרטיק זיין מיט זייער אויסרעכענען, בשעת די רשימה פון די געשטאָר-בענע איז אַזוי לאַנג, אַז זי נעמט קיינמאָל נישט קיין סוף.

און יענעם אָוונט וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. און דאָס דאַוונען דענסטמאָל וועל איך אייביק געדענקען! אַך, עס איז דאָך גאָר קיין דאַווגען נישט געווען, נאָר אַ קרעכץ, אַ גרויסער לאַנגער קרעכץ, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער טיפעניש פון האַרץ, כדי צו שטייגן ביז צו די וואָלקנס און דורכצולעכערן די הימלען! נאָך קיינמאָל נישט האָבן אידן געדאַווגט מיט אַ מער צעבראָכן און צעריסן האַרץ. נאָך קיינמאָל נישט האָבן געברענט הייסערע טרערן אין מענטשנס אויגן...

אין יענער נאַכט האָט קיינער נישט פאַרלאָזט די שול — און פאַרט האָבן אין דער פרי עטלאַכע געפעלט. זיי זיי-

נען געשטאָרבן אין דעם מנין. צוויי זיינען דענסטמאָל ביי־
נאַכט פּלוצלונג אַנידערגעפאַלן אין שול, צווישן דעם גאַנצן
עולם, נאָך איינגעהילט אין די טליתים מיט די קיטלען, אַזוי
אַז זיי האָט שוין כמעט גאָרנישט געפעלט אַריבערצופאָרן
פונם לעבן אין דעם טויט אריין...

אָט איז יום־כפּור נאָך מיטאָג.

אויף דעם באַלעמער אין שול שטייט דער רב מיט זיין
הויך געשטאַלט, און זיין קאָפּ האַלט ער האַלב פאַריסן.

ליגט אַ באַהאַלטענער כשוף אין דעם פנים פון דעם דאָ־
זיקן מענטשן?

איז עס אַ באַזונדערע מאַכט אין זיין געשטאַלט פאַר־
אַנען, וואָס ציט צו צו זיך יעדעס אויג?

אויף דעם באַלעמער שטייט דער רב און זיינע ברענענ־
דיקע שוואַרצע אויגן לייכטן און גלאַנצן אַרוים פון דעם ווייסן
בלאַסן פנים, וואָס איז איינגערינגלט אין די ווייסע האָר מיט
דער ווייסער באָרד. — מוסף איז שוין לאַנג אָפּגעדאַווענט, און
דער עולם שטייט און שווייגט און וואַרט אויף דעם, וואָס
דער געטלאַכער מאַן וועט רעדן. קיינער וואַגט זיך נישט
אַפילו דעם אָטעם הערנדיק צו ציען.

און דער רב רעדט.

זיין שוואַך, נידעריק קול ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער,
וואָס אַמאָל העכער, ביז עס ווערט הויך און שטאַרק, ווי איך
האָב עס נישט געהערט נאָך קיינמאָל נישט ביי אים. ער
שטייט און רעדט פון דער קדושה פון אַ יום־טוב; ער רעדט
פון לעבן און שטאַרבן און פון די לעבעדיקע און טויטע. אי־

בערהויפט האָט ער לאַנג גערעדט פון די טויטע, און פון דער גרויסער מגפה, וואָס איז אַריינגעקראָכן ווי אַ רייסנדיקער שטראָם, פּלוצלונג, שרעקלאַך, פּירכטערלאַך, און זי רויבט און זאָגט נישט געגוג, עסט און ווערט נישט זאַט, טרינקט און שטילט נישט איר דאָרשט — ווי לאַנג, ווי לאַנג זשע נאָך?

און פּלוצלונג הער איך אַ געוויין, און מיר ווערט אַזוי וואַרים און אַזוי ווייך ביי דער נשמה. פאַר וואָס זשע וויינט ער? — פאַר וואָס זשע וויינט ער?...

און ווי איך שטיי דאָרט אין ווינקעלע, ציטערדיק און פלאַטערדיק, הייב איך אָן אַליין צו וויינען און די טרערן גיסן זיך.

און נאָך היינט, ווען איך פאַרמאַך די אויגן אויף איין מינוט, זע איך אים נאָך שטייענדיק דאָרט אויבן אויפן באַל־עמער. איך זע אויך ווי ער שטרעקט אויס די האַנט און ווינקט צו די דיינים, און אויך בײדע דיינים זע איך ווי זיי גייען צו אים אַרויף אויפן באַלעמער.

און אַלע דריי שטייען זיי דאָרט אויף דעם באַלעמער: דער רב, דער העכסטער פון אַלע, און ביידע דיינים, די ני־דעריקערע פון אים, איינער פון זיין רעכטער און איינער פון זיין לינקער זייט.

וואָס עפּעס רוימט זיי איין דער רב איצט אין זייערע אויערן? פאַר וואָס עפּעס איז זייער פּנים געוואָרן פּלוצלונג בלייך ווי קרייד?

און פּלוצלונג הער איך ווערטער און פאַרשטיי זיי נישט.

די ווערטער גרייכן בלויז ביז צו די אויערן, און אין הארץ אריין דערלאַנגען זיי נישט. און פאַרט זיינען די ווערטער אַזוי קלאָר און אַזוי דייטלאַך פון אַלע דריי מיילער אַרויסגעקו־מען!

און ווי אַ רייסנדיקער קרעכץ צוקט עס דורך דעם גאַנצן עולם, פון דעם באַלעמער ביז צו די פיר ווינקלען — און נאָך דעם קרעכץ הערן זיך ווערטער:

„על דעת המקום ועל דעת הקהל — מיט גאָטס דעה און מיט קהלס דעה זיינען מיר אייך מתיר צו עסן און צו טרינ־קען היינט!"

אַ פירכטערלאַך שטילקייט, אַ טויט־שטילקייט הערשט אין דער גאַנצער שול. עס רירט זיך קיינער נישט. עס ציט קיינער נישט קיין אָטעם.

אין ווינקל פון דער שול שטיי איך נאָך אויף מיין אָרט און איך הער דייטלאַך, ווי מיין האַרץ קלאַפּט איר מיר: איינס, איינס און צוויי — און פּלוצלונג פאַלט אויף מיר אַן אַ פינסטערע, פירכטערלאַכע מורא.

אויף די ווענט שווימען שאָטנס אַהין און אַהער — און איך זע צווישן די שאָטנס די טויטע, וואָס זיינען נעכטן און די וואָס זיינען אייערנעכטן און די וואָס זיינען פאַר אייער־נעכטן געשטאָרבן: אַ גרויסע שרעקלאַכע מחנה, אַ גרויסע שרעקלאַכע עדה...

און פּלוצלונג פאַרשטיי איך קלאָר און דייטלאַך, וואָס דער רב פאַרלאַנגט דאָ פון אונז. דער רב פאַרלאַנגט פון אונז, אַז מיר זאָלן עסן היינט; דער רב פאַרלאַנגט, אַז אידן זאָלן

עסן אום יום־כפור און זאָלן נישט פאַסטן — וועגן דער מגפה... וועגן דער מגפה... וועגן דער מגפה...

און איך שטיי און הייב פלוצלונג אָן הויך און שטאַרק צו וויינען.

און וואונדערלאַך איז עס! נישט איך אַליין שטיי דאָ אין דער שול און וויין, נאָר פילע, פילע שטייען און וויינען הויך און שטאַרק. אויך די דריי דאָרט אויף דעם באַלעמער שטייען און וויינען, און דער העכסטער פון זיי שטייט און וויינט, ווי אַ קליין קינד.

און ווי אַ קליין קינד בעט ער זיך, און זיינע ווערטער זיינען אַזוי ווייך, אַזוי ווייך. טיילמאָלס נאָר קומען די טרערן און שטיקן אים די ווערטער אין האַלז — „עסן! גייט עסן! די צייט איז אַזעלכע! עס מאַכט זיך אַמאָל אַ צייט, אַז עס איז פראָסט אַ מצוה אַ זאַך פון דער תורה מבטל צו זיין! לעבן זאָל מען דורך זיי, דורך די מצות, אָבער נישט שטאַרבן דורך זיי!"

אָבער אין דער שול רירט זיך נישט קיינער פונם אָרט.

און פלוצלונג ענדערט זיך זיין קול. ער בעט זיך נישט מער, נאָר ער באַפעלט: „איך בין מתיר! איך! איך! איך!" ווי פיילן פליען די ווערטער, ווי דונערס שלאָגן זיי אָן.

און דער עולם הערט — עס רירט זיך אָבער קיינער נישט פונם אָרט.

און דאָ הייבט ער ווידער אָן מיט זיין ערשטן קול, ער בעט זיך און וויינט ווי אַ קליין קינד: „וואָס האָט איר זיך אַלע געבונטעוועט קעגן מיר? פאַרוואָס ווילט איר דוקא

טרייבן מיך בין צו דעם נויטוועגדיקסטן? איז אייך דען ווייניק, וואָס איך האָב שוין אַלעם היינט איבערגעליטן פון דערפרי ביז איצט?"...

און פּלוצלונג איז דאָס פּנים פון דעם געטלאַכן מאַן נאָך בלייכער געוואָרן ווי פריער. טיף זינקט זיין קאָפּ אַראָפּ אויף זיין ברוסט אַ מינוט לאַנג — און אַ קרעכץ, אַ טיפער, האַרץ־רייסנדיקער קרעכץ הערט זיך פון איין עק שול ביז צום אַנדערן עק, און נאָך דעם קרעכץ הערט זיך ווי אַ מורמלען:

„גאָטס ווילן איז עס", זאָגט ער מיט אַ טרוקענער שטימע, און עס האָט אַ פּנים ווי ער וואָלט רעדן צו זיך אַליין. — „צוויי און אַכציק יאָר בין איך אַלט און בין קיינמאָל נאָך נישט דערצו געבראַכט געוואָרן, אויף אַ דין עובר צו זיין בידיעה. אָבער אויך דאָס איז אַ דין, אַ מצוה איז עס, אַ תורה איז עס. ווי עס ווייזט זיך אויס, איז עס גאָטס ווילן אַזוי, איך זאָל נישט שטאַרבן פריער, ביז איך וועל נישט אויך אַזעלכעס מקיים זיין!"

און שטיל איז געווען אַ מינוט לאַנג, שטיל ווי אויף אַ בית־עלמין.

און פּלוצלונג הערט זיך די שטימע פונם רב ווי ער רופט: „שמש!"

און דער שמש גייט אַרויף, און דער רב רוימט אים איין עפּעס אין אויער. דערנאָך איבערעדט ער שטילערהייט עפּעס אויך מיט די דיינים, די דיינים שאָקלען אים צו מיט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן אים מסכים זיין צו עפּעס. דערווייל איז דער שמש צוריקגעקומען פונם רבס וואוינונג אינם הויף און האָט

מיטגעבראכט אַ פלעשל ווײַן און גלעזלאַך מיט אַ פּאָר שטיק-לאַך לעקאַך.

און ווען איך זאָל גרייז-גרוי אַלט ווערן, און ווען איך זאָל לעבן אַזוי לאַנג ווי מתושלח — יענעם טאָג און יענע ער-האַבענע סצענע וועל איך קיינמאָל, קיינמאָל נישט פאַרגעסן מער. נאָך איצט, ווען איך פאַרמאַך מײַנע אויגן אַ מינוט לאַנג, זע איך זיי נאָך פאַר מיר: די דריי, וואָס האָבן געגעסן. דריי גרויסע, הייליקע מענער שטייען אויף דעם באַלעמער אין שול און עסן אום יום-כפור פאַר דעם גאַנצן עולם...

אַך, העלדן זײַנען זיי געווען... ווער קען וויסן, ווי שווער עס איז געווען די מלחמה אין דער טיפעניש פון זייער האַרץ? ווער קען וויסן וואָס זיי האָבן דענסטמאָל איבערגע-ליטן און איבערגעטראַגן?...

„איר האָט עס דוקא פון מיר געוואָלט — און איך האָב עס געטאָן", — זאָגט דער רב איצט און זײַן שטימע איז קלאָר און פעסט און ציטערט נישט מער ביים רעדן — גאָטס נאָמען זאָל זײַן געבענטשט!"

און פילע פונם עולם עסן איצט, עסן און וויינען...

דוד פרישמאַן.

# שוין איין מאָל אַ סוכה

## א.



אראַן מענטשן, וואָס האָבן קיין זאַך ניט געלערנט און קענען אַלצדינג; אין ערגעץ נישט געווען און וויסן אַלצדינג; אויף קיין זאַך נישט פאַרטראַכט זיך און פאַר־שטייען אַלצדינג.

„געבענטשטע הענט!“ — אַזוי רופט מען זיי, די דאָזיקע גליקלאַכע מענטשן, און די וועלט איז זיי מקנא, חידושט זיך און האָט אַפשיי.

אָט אַזאַ מענטש איז געווען ביי אונז אין כתרילעווקע, און גערופן האָט מען אים: שוין איין מאָל אַ משה.

דערפאַר האָט מען אים גערופן שוין איין מאָל אַ משה, ווייל אויף יעדער זאַך, וואָס ער האָט געזען, געהערט, אָדער געמאַכט, האָט ער ליב געהאַט צו זאָגן: „שוין איין מאָל אַזוי“.

— ביי אונז אַ חזן אין שול — שוין איין מאָל אַ חזן!

— מען האָט געטראָגן אַן אינדיק אויף פסח — שוין איין מאָל אַן אינדיק!

— מאָרגן וועט דאָס זיין אַ פראָסט אין דרויסן — שוין איין מאָל אַ פראָסט!

— איז דאָס געפלויגן פעטש צו די הקפות — שוין איין מאָל פעטש!

— אוי, אידן, בין איך אַן אָרימאַן — שוין איין מאָל אַן אָרימאַן!

און אַזוי אויף אַלצדינג.

און געווען איז משה... איך קאָן אייך נישט זאָגן וואָס ער איז געווען. ער איז געווען אַ איד; נאָר פון וואָס ער האָט געלעבט — איז שווער צו וויסן. ער האָט געלעבט ווי אַ סך טויזנטער לעבן, צענער-טויזנטער אידן לעבן אין כתרילעווקע. געדרייט זיך אַרום אַ פּריץ, דאָס הייסט, נישט אַרום פּריץ אַליין, נאָר אַרום די פּריצים, וואָס ביים פּריץ, און נישט אַרום די פּריצים גופא, נאָר אַרום די אידן, וואָס דרייען זיך אַרום די פּריצים, וואָס ביים פּריץ. און צי האָט ער געהאַט פּרנסה — דאָס איז שוין ווידער אַ באַזונדערע מעשה. וואָרים שוין איין מאָל משה איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט פּיינט געהאַט זיך צו באַרימען מיט זיין גוטסקייט און באַקלאָגן זיך אויף זיין שלעכטסקייט. תמיד איז ער געווען פריילאך. תמיד זיי־נען אים די בעקלאַך געווען רויט, איין וואָנצע אַביסל לענגער פון דער אַנדערער. דאָס היטל אויף דער זייט, און די אויגן תמיד גוטע, שמייכלענדיקע, שטענדיק קיין צייט ניט געהאַט און אַלע מאָל, צו יעדער צייט, געווען גרייט פון יענעמס וועגן גיין צען מייל צופוס.

אָט אַזאַ מין פּאַרשוין איז געווען אונזער „שוין איין מאָל משה“.

## ב.

נישט געווען איין זאַך אויף דער וועלט, וואָס „שוין איין מאָל משה“ זאָל דאָס נישט קענען מאַכן: אַ שטוב — איז אַ

שטוב, אַ זייגער — איז אַ זייגער, אַ מאַשינע — איז אַ מאַ־
שינע, אַ לעמפּל, אַ דריידל, אַ קראַן, אַ שפּיגל, אַן עמער, אַ
שטייג — און וואָס נישט ?

אמת, קיינער האָט נישט געקאָנט אָנווייזן אויף די היי־
זער מיט די זייגערס מיט די מאַשינעס, וואָס זיינען אַרויס
פון זיינע הענט. נאָר אַלע זיינען געווען איבערצייגט, אַז משה
קאָן ; אַלע האָבן געזאָגט, אַז ווען ער האָט געצייג, קערט
ער איבער וועלטן. דאָס גאַנצע אומגליק איז געווען, וואָס
ער האָט נישט געהאַט קיין געצייג. מיין איך פאַרקערט :
דאָס איז טאַקע געווען דאָס גליק, וואָס איבער דעם איז די
וועלט נישט איבערגעקערט געוואָרן, און די וועלט, הייסט
דאָס, איז געבליבן אַ וועלט.

אַז מען האָט משה׳ן נישט צעריסן אויף שטיקלאַך, איז
ער געווען אַ גליקלאַכער! האָט זיך איבערגעדרייט אַ
שלאָס — צו וועמען איז מען געגאַנגען ? צו משה׳ן. האָט
זיך געשטעלט דער זייגער ? — צו משה׳ן. פאַרשטאָפּט גע־
וואָרן דער קראַן פונם סאַמאָוואַר און עס קאָן נישט צאַפּן —
צו משה׳ן. טאַראַקאַנעס, פּוסאַקעס און אַנדערע מיאוסקייטן
האָבן זיך פאַרפירט אין שטוב, — וועמען פרעגט מען ? —
משה׳ן. אַ טכויר האָט זיך אַריינגעכאַפּט און שטיקט אַלע
נאַכט די עופות — מיט וועמען האַלט מען זיך אַן עצה ? —
מיט משה׳ן. ווידער אַמאָל „שוין איין מאָל משה״, און טאַקע
אָבער אַמאָל „שוין איין מאָל משה״ !

אמת, דעם איבערגעדרייטן שלאָס האָט מען טאַקע נאָך
דעם פאַרוואָרפן אַן איבערגעדרייטן ערגעץ אויף אַ שאַפע,

דעם זייגער האָט מען אָפּגעגעבן דעם זייגער־מאַכער און דעם סאַמאָוואַר — צום קעסלער, די טאַראַקאַנעס מיט די פּוסאַ־קעס מיט די אַנדערע מיאוסקייטן האָבן זיך, אַפּנים, פאַר משה'ן ווינציק וואָס איבערגעשראָקן, און דער טכויר האָט זיך געטאָן דאָס, וואָס אַ טכויר דאַרף טאָן... נאָר „שוין איין מאָל משה", איז געבליבן דער אייגענער „שוין איין מאָל משה", וואָס פריער. פאָרט „געבענטשטע הענט"! און מסתמא איז דאָך אין אים עפּעס געווען אַזעלכעס — אַ וועלט איז דאָך נישט משוגע! אַ סימן האָט איר: פאַר־וואָס גייט מען נישט צו מיר, אָדער צו אייך, מיט קיין אי־בערגעדרייטע שלעסער, מיט קיין זייגערס, סאַמאָוואַרן, טכוירן, טאַראַקאַנעס, פּרוסאַקעס און אַנדערע מיאוסקייטן? נישט אַלע מענטשן זיינען גלייך, און טאַלאַנטן אויף דער וועלט זיינען, אַפּנים, פאַראַן געציילטע.

ג.

מיט דעם דאָזיקן „שוין איין מאָל משה" זיינען מיר גע־וואָרן גאַנץ נאָענטע שכנים אין איין דירה, אונטער איין דאַך. איך זאָג „געוואָרן", ווייל ביז אַהער זיינען מיר געזעסן אין אונזער אייגענער דירה. נאָר עס האָט זיך ביי אונז פּלוצים געגעבן אַ דריי דאָס רעדל, די צייט איז אונז געוואָרן שלעכט. קיין „אָנזעצער" האָבן מיר נישט געוואָלט זיין, — האָבן מיר די דירה פאַרקויפט, אָרומגעצאָלט זיך מיט די חובות און אָריבערגעצויגן זיך (ערב ראש־השנה איז דאָס געווען) צו הערשקע מאַמצים, אין אַן אַלטער חורבה, אָן אַ גאָרטן, אָן אַ הויף, אָן אַ גאַניק, אָן לייב און אָן לעבן.

— נו, אַ „כּאַטע“! — זאָגט די מאַמע כּלומר’שט מיט אַ געלעכטער, און איך זע ביי איר טרערן אין די אויגן.

— זינדיק נישט! — זאָגט צו איר דער טאַטע, שוואַרץ ווי די ערד. — דאַנקן גאָט דערפאַר.

פאַרוואָס „דערפאַר“ — ווייס איך נישט. אפשר דערפאַר וואָס מיר זיצן נישט אין דרויסן, אײדער דאָ, ביי הערשקע מאַמצים אין שכנות, מיט פרעמדע אינגלאַך און מיט פרעמדע מיידלאַך, וואָס איך ווייס זיי נישט און קען זיי נישט, און וויל זיי נישט וויסן און וויל זיי נישט קענען מיט זייערע געלע הערעלאַך, מיט זייערע נאַסע נעזעלאַך, מיט זייערע דינע פיסעלאַך און גראָבע בייכעלאַך, וואָס אַז זיי גייען קאַטשען זיי זיך, ווי די קאַטשקעלאַך, אַליין האַלטן זיי אין עסן, און אַז יענער עסט, קוקן זיי אין מויל אַריין... איך האָב עס געהאַלטן פאַר אַ גרויסער עולה פון גאָט, וואָס ער האָט ביי אונז צוגענומען די דירה. מיר האָט נאָך נישט אַזוי באַנג געטאָן די דירה, ווי די סוכה, וואָס מיר האָבן דאָרטן געהאַט, אַ שטענדיקע, פון יאָר צו יאָר, מיט אַ פליגל, וואָס הייבט זיך אויף און לאָזט זיך אַראָפּ, און מיט אַ שיינער געמאָלטער סטעליע פון גרינע און געלע שטעקעלאַך, אויסגעלייגט אין קעסטעלאַך מיט מגן־דוד’ן. אמת, גוטע פריינד האָבן אונז אויסגערעדט דאָס הארץ, אַז מיר וועלן זי נאָך אַמאָל אָפּקויפן צוריק, אָדער גאָט וועט העלפן, מיר וועלן זיך אויסבויען אַן אַנדער דירה, אַ סך אַ בעסערע און אַ גרעסערע און שענערע פון יענער דירה... דאָס איז אָבער געווען אַלץ ניט מער ווי טרייסטווערטער, קאַלטע רפואות, פונקט אַזעלכע טרייסט-

ווערטער, ווי בשעת איך האָב צעבראָכן (אומגערן, געוויינט־לאָך) דאָס בלעכענע זייגערל מיינס אויף שטיק־שטיקלאָך, האָט מיך די מאַמע מכבד געווען מיט פּעטש, און דער טאַטע האָט מיר אויסגעווישט די אויגן, מיר צוגעזאָגט קויפן אַן אַנדער זייגערל, אַ סך אַ בעסערס און אַ גרעסערס און אַ שע־נערס פון יענעם זייגערל... וואָס מער דער טאַטע האָט מיר געלויבט דאָס נייע זייגערל, וואָס מע וועט מיר אַמאָל קויפן, אַזוי מער האָב איך געוויינט נאָך יענעם, נאָכן אַלטן זייגערל...

שטילערהייט, אַז דער טאַטע זאָל ניט זען, האָט די מאַמע געוויינט נאָך דער דירה. און דער טאַטע האָט געזיפצט און געקרעכצט, און אַ שוואַרצער וואָלקן האָט צוגעדעקט זיין פּנים, און ברייטע קנייטשן האָבן זיך געלייגט אויף זיין גרויסן, ווייסן שטערן.

---

— איך בעט דיך, זאָלסט מיר געזונט זיין, וואָס וועלן מיר טאָן מיט דער סוכּה?

אַזוי רופט זיך אָן די מאַמע צום טאַטן אין איינעם פון די עשׂרת ימי־תשובֿה.

— דו קערסט אודאי וועלן זאָגן: וואָס וועלן מיר טאָן אָן אַ סוכּה?

אַזוי ענטפערט איר דער טאַטע, כּלומר׳שט מיט אַ שפּאַס, און איך זע אַז עס קאָסט איר געזונט; איך זע, אַז ער קערט זיך אָפּ אויף אַ זייט, מ׳זאָל נישט זען זיין פּנים, וואָס איז באַדעקט מיט אַ פינסטערער, שוואַרצער כּמאַרע, און די מאַ־מע שנייצט די נאָז אין פאַרטוך, שלינגט די טרערן, און

איך — אויף זיי קוקנדיק. פלוצים קערט זיך אוים דער טאַטע מיטן פנים צו אונז עפּעס זייער לעבעדיק:

— שאַ! מיר האָבן דאָך דאָ עפּעס אַ שכן משה.

— „שוין איין מאָל משה"? — העלפט אים אונטער די מאַמע, און איך וויים נישט, צי זי לאַכט, צי זי מיינט עס ערנסט. אַפּנים, אַז ערנסט, וואָרים אין אַ האַלבער שעה אַרום דרייען זיך אַרום ביי דער שטוב אַלע דריי, דאָס הייסט: דער טאַטע און משה און הערשקע מאַמצים, אונזער בעל־הבית, און מען זוכט אַן אָרט וואו צו שטעלן די סוכה.

## ד.

הערשקע מאַמצים דירה, איז אפילו אַזוי אַ גאַנץ פיינע דירה, נאָר איין חיסרון: זי שטייט אין דרויסן און האָט ניט קיין פיצל הויף. זי זעט אוים, ווי מע האָט זי פאַרלוירן אין מיטן גאַס: עמיצער איז געגאַנגען און האָט פאַרלוירן די דירה. אָן אַ הויף, אָן אַ הויז, אָן אַ דאַך, די טיר פון יענער זייט געסל, ווי אַ קאַפּאָטע מיטן סטאָן פון פאָרנט און מיט קנעפּלאַך פון הינטן.

— וואו רעכנט איר, רב משה, צו שטעלן די סוכה? — פרעגט דער טאַטע ביי „שוין איין מאָל משה", און „שוין איין מאָל משה", פאַריסן דאָס היטל און פאַרטראַכט, ווי אַ גרויסער אַרכיטעקטאָר, וואָס באַקלערט זייער אַ גרויסן פּלאַן, ווייזט מיטביידע הענט פון דאַנען אַהער און פון דאָרטן אַהין, און וויל געבן צו פאַרשטיין, אַז ווען די דירה שטייט נישט אין דרויסן, און האָט אַ הויף, פאַרשפּאַרט מען דעמאָלט צוויי

װענט, און די סוכה װערט בײ אים פּאַרטיק אין אײן טאָג — װאָס זאָג איך אין אײן טאָג? אין אײן שעה! נאָר אַזױ װי די דירה האָט נישט קײן הױף און מען דאַרף האָבן פיר װענט, װעט דאָס בײ אים אַביסעלע געדױערן. נאָר דערפאַר װעט דאָס זײן אַ סוכה — שױן אײן מאָל אַ סוכה! דער עיקר, זאָל נאָר זײן מאַטעריאַל.

— מאַטעריאַל װעט זײן, האָט איר זשע אינסטרו־מענטן? — פרעגט אים הערשקע.

— אינסטרומענטן װעלן זיך געפינען, האָט איר זשע געהילץ? — פרעגט אים משה.

— געהילץ איז פאַראַן, האָט איר זשע טשװעקעס? — פרעגט אים הערשקע.

— טשװעקעס קאָן מען קריגן, האָט איר זשע סכך? — פרעגט אים משה.

— עפּעס זײט איר מיר הײנט צו „דאַסיק״! — מאַכט הערשקע.

— צו װאָסיק? — פרעגט אים משה און קוקט אים גלײך אין די אױגן אַרײן, און בײדע צעלאַכן זײ זיך.

## ה.

נאָר אַז הערשקע מאַמצים האָט געבראַכט צושלעפּן די ערשטע עטלאַכע ברעטלאַך מיט די ערשטע פּאָר קלעצלאַך האָט „שױן אײן מאָל משה״ געזאָגט אַז עס װעט, אם ירצה השם, זײן „שױן אײן מאָל אַ סוכה״. און איך בין געװען זײער נײגעריק צו װיסן, װי אַזױ װעט ער דאָס מאַכן פון די דאָזיקע

עטלאַכע ברעטלאַך מיט די פּאָר קלעצלאַך אַ סוכה? איך האָב מיך אויסגעבעטן ביי דער מאַמע, זי זאָל מיך לאָזן זיין דערביי, בשעת משה וועט מאַכן די סוכה, און ביי משה׳ן אַליין האָב איך דאָס באַלד גע׳פּועל׳ט; נישט נאָר ער האָט מיר ערלויבט צו זיין דערביי, אדרבה — ער האָט מיר געזאָגט, איך זאָל אים זיין אַ „פּאָמעטש", דאָס הייסט, איך זאָל אים העלפן דערלאַנגען און צוהאַלטן, וואָס ער וועט מיר הייסן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז איך בין פון אַזאַ מעשה געווען אויפן זיבעטן הימל. אַ קלייניקייט — איך וועל העלפן בויען אַ סוכה! און געהאָלפן האָב איך זייער אַ סך: געהאָלפן מאַכן מיט די ליפּן, בשעת משה האָט געקלאַפּט מיטן האַמער; געהאָלפן גיין אין שטוב אַריין גלייך מיט אים עסן; געהאָלפן שרייען אויף די איבעריקע קינדער, זיי זאָלן אונז ניט שטערן די אַרבעט; און געהאָלפן אונטערטראָגן אים אַלע מאָל דעם האַמער, בשעת ער האָט באַדאַרפט דעם זאַמטופּ, און דערלאַנגען אים די אָפּצווענגע, בשעת ער האָט באַדאַרפט האָבן אַ משוואָק. אָן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט פאַר אַזאַ מין „העלפן" מיט אַזאַ מין „אונטערטראָגן" געוואָרפן אין קאָפּ אַריין דעם האַמער, אָדער די אָפּצווענגע; נאָר „שוין איין מאָל משה" איז געווען אַ מענטש אָן אַ גאַל; אים האָט נאָך קיינער ניט געהאַט די זכיה צו זען, ער זאָל זיין אין כעס.

און מחמת איך בין געווען פאַרטיפט אין דער אַרבעט, האָב איך גאַרנישט באַמערקט, ווי אַזוי און פון וואָסערע נסים

ס'איז ביי אונז פּאַרטיק געוואָרן די סוכה.

— קום, וועסטו זען די סוכה, וואָס מיר האָבן אויסגע־בויט! — אַזוי זאָג איך דעם טאַטן און שלעפּ אים אַרויס פאַר דער פאָלע אין דרויסן אַרויס, און דער טאַטע קוועלט אָן פון אונזער אַרבעט, קוקט אויף משה'ן מיט אַ שמייכעלע און זאָגט צו אים, באַווייזנדיק אויף מיר:

— האָט איר כאָטש געהאַט פון אים, רב משה, אַ שטיקל „פּאַמעטש"?

— שוין איין מאָל אַ „פּאַמעטש"! — זאָגט משה און קוקט אַרויף אויפן דאַך פון דער סוכה מיט יסורים. — אונ־זער הערשקע זאָל שוין ברענגען צו טראָגן דעם סכך, וואָלט שוין געווען איין מאָל אַ סוכה!

ד.

הערשקע מאַמצים האָט אונז געפירט מיטן סכך, אָפּ־געלייגט פון טאָג אויף טאָג, ביז גאָט האָט געהאָלפן דעם טאָג פון ערב־סוכות, האָט ער געבראַכט צו פירן אַ וואָגן מיט דינע שטעקעלאַך, אַ מין קאַמיש, וואָס וואַקסט ביי אונז אויף יענער זייט טייך אין געמייזאַכטס, און מיר האָבן זיך גענומען דעקן די סוכה; דאָס הייסט, דעקן האָט געדעקט משה אַליין, און איך האָב געהאָלפן צעטרייבן די ציגן, וואָס האָבן זיך צוגעכאַפּט צום דאַזיקן סכך, ווי צו עפּעס רעכטס. איך וויים נישט, וואָס פאַר אַ טעם האָבן זיי געפונען אין די דאַזיקע ביטערע, גרינע שטעקעלאַך.

מחמת הערשקע מאַמציסעס שטוב שטייט אין דרויסן,

דאָס הייסט אין אַ רשות-הרבים, איז פון די ציגן געווען ניט אָפּצוטרייבן זיך. אָט האָט איר אַוועקגעטריבן איינע, איז געקומען די אַנדערע, נאָך נישט אַוועקגעטריבן די אַנדערע — אהאַ, אָט איז שוין די ערשטע נאָכאַמאָל אויסגעוואַקסן!

איך האָב זיי געטריבן מיט שטעקנס:

— אַ קאָזאַ, וואָן פון דאַנען! ווייטער ביזטו דאַ, דו נאַרישע ציג? אַ קאָזאַ!

דער רוח ווייסט זיי, פון וואַנען זיי זיינען געוואָר גע־וואָרן, אַז ס'איז ביי אונז פאַראַן גרינער סכך. אפּנים, זיי האָבן געגעבן צו וויסן איינס דאָס אַנדערע, — נישט אַנדערש; וואָרים עס האָבן זיך צונויפגעקליבן אַרום אונז אַלע ציגן פון דער גאַנצער שטאָט, און איך, איינער אַליין, האָב געמוזט מיט זיי אַלע מלחמה האַלטן!

אַז גאָט האָט געהאָלפן, דער גאַנצער סכך איז שוין גע־לעגן אויף דער סוכּה, זיינען די ציגן געבליבן שטיין, ווי די נאַראָנים, און געקוקט אַרויף מיט נאַרישע אויגן און נאַריש גע'מעלה-גרה'ט. איך האָב דערלעבט אָן זיי אַ נקמה און האָב זיך אָנגערופן צו זיי:

— פאַר וואָס שלעפט איר איצטער נישט קיין סכך, נאַרישע ציגן?

עס ווייזט אויס, אַז זיי האָבן מיך פאַרשטאַנען: זיי האָבן זיך איינציקווייז אָנגעהויבן צו צעגיין, און מיר האָבן זיך גענומען אויספּוצן די סוכּה פון אינווייניק. קודם-כּל האָבן מיר אויסגעשאָטן די ערד מיט געלן זאַמד; נאָכדעם האָבן מיר אַרומגעהאַנגען די ווענט מיט אַלערליי קאָלדרעס פון אַלע

דריי שכנים, און דאָרט וואו עס האָט ניט געכאַפּט קיין קאָל־
דרעס, איז געהאַנגען אַ שאַל, און אַז עס האָט ניט געכאַפּט
קיין שאַלן, איז געהאַנגען אַ טישטוך, אָדער אַ ליילאַך; און
ערשט נאָכדעם האָבן מיר אַרויסגעטראָגן די טישן מיט די
בענקלאַך, די לייכטער מיט די בענטש־ליכט, דאָס געפּעס
מיט די מעסערס מיט די גאָפּלען מיט די לעפל, און אַלע דריי
בעל־הבית׳טעס זיינען געגאַנגען בענטשן ליכט און מאַכן אַ
ברכה.

ז.

מיין מאַמע, עליה השלום, איז געווען אַ אידענע, וואָס
האָט ליב געהאַט וויינען. ימים נוראים — דאָס זיינען געווען
אירע ימים־טובים, און פון זינט מיר האָבן פאַרשפּילט אונזער
אייגענע דירה, האָבן זיך איר די אויגן נישט אויסגעטריקנט
אויף קיין מינוט. דער טאַטע, וואָס איז אַליין אויך אַרומגע־
גאַנגען אָן אַ קאָפּ, האָט דאָס נישט געוואָלט ליידן, איר גע־
זאָגט, זי זאָל מורא האָבן פאַר גאָט, זי זאָל נישט זינדיקן,
וואָרים ס׳איז פאַראַן נאָך ערגערס, דאַנקען גאָט דערפאַר...
נאָר דאָ אין סוכה, בשעת ליכט־בענטשן, האָט זי פאַרשטעלט
די אויגן מיטביידע הענט און האָט געקאָנט וויינען און ווײ־
נען שטילערהייט, קיינער זאָל נישט וויסן, אַז זי וויינט. נאָר
נישט מיך נאַרט מען: איך האָב גאַנץ גוט געזען, ווי די
פּלייצעס טרייסלען זיך איר און טרערן רינען דורך די ווייסע,
דינע פינגער, און זיי פאַלן אויפן ווייסן טישטוך. און איך ווייס
אַפילו וואָס זי וויינט!... איר גליק, וואָס דער טאַטע גרייט
זיך אין שול אַריין, טוט אָן די שבת׳דיקע, שוין אַפילו צע־

האקטע, נאָר פאַרט זיידענע קאפּאָטע, נעמט זיך אַרום מיטן געפלאָכטענעם גאַרטל, שטעקט אַריין די ביידע הענט אין גאַרטל אַריין און אַ טיפן יום־טוב׳דיקן זיפץ זאָגט ער צו מיר:

— קום, לאָמיר גיין. שוין צייט גיין אין שול אַריין דאַוונען.

איך נעם די סידורים מיט די מחזורים, און מיר לאָזן זיך מיטן טאַטן אין שול אַריין, און די מאַמע בלייבט דאַוונען אין דער היים, און איך ווייס פריער וואָס זי וועט טאָן: זי וועט וויינען. זי וועט זיך קאָנען גוט אָנוויינען! והראיה, אַז מיר זיינען געקומען צוריק און אַריין אין סוכה מיטן שיינעם ברייטן „גוט־יום־טוב״, און דער טאַטע האָט זיך געשטעלט מאַכן קידוש, דעם שיינעם יום־טוב׳דיקן קידוש מיטן שיינעם יום־טוב׳דיקן ניגון, האָב איך זיך צוגעקוקט צו אירע אויגן — זיינען זיי געווען רויטלאַך און אונטערגעשוואָלן. און דאָך האָט זי מיר אויסגעוויזן שיין, ווי די מוטער רחל, אָדער ווי די מלכּה שבא, אָדער ווי אסתּר המלכּה, און קוקנדיק אויף איר, דערמאָן איך מיך אָן אַלע אונזערע שיינע אידישע טעכטער, וואָס איך בין מיט זיי פאַרפרי באַקאַנט געוואָרן אין חדר. און קוק איך אויף מיין שיינער מאַמען מיט איר שיין קלאָר ווייס פּנים, וואָס שיינט אַרויס פון דער שיינער, זיידענער יום־טוב׳דיקער פאַטשיילע, מיט אירע שיינע, גרויסע, פאַרזאָרגטע אויגן, פאַרקלעמט מיך ביים הארצן, וואָס אַזעלכע שיינע אויגן דאַרפן שטענדיק וויינען, וואָס אַזעלכע שיינע, ווייסע הענט דאַרפן נעבאַך אַליין קאָכן און באַקן, און עס

פאַרדריסט מיך אויפ'ן רבונו־של־עולם, פאַרוואָס ער גיט אונז נישט קיין געלט אַ סך, און איך בעט ביי גאָט, ער זאָל מיך באַגליקן, איך זאָל געפינען עפּעס אַן אוצר, אָדער לאָז קומען משיח, וועלן מיר אַלע גיין קיין ארץ־ישראל, און דאָרטן וועט דאָך שוין אונז אַלעמען זיין גוט!...

אַזוי טראַכט איך מיר, און מיינע געדאַנקען הייבן מיך אויף און פאַרטראָגן מיך וויַיט־וויַיט, אַהין, צו מיינע גיל־דענע חלומות, וואָס איך וועל זיי נישט פאַרביַיטן אויף קיין זאַך אין דער וועלט.

## ח.

פּלוצים — טררראַך! דער גאַנצער דאַך מיטן סכך — אויף אונזערע קעפּ; און נאָכן דאַך — איין וואַנט און די אַנדערע וואַנט בייגן זיך, פאַלן כּורעים, און עפּעס אַ ציג פליט פון אויבן אַראָפּ גלייך אויף אונז, און מיט אַמאָל ווערט פינסטער ח׳שך, אַלע ליכט אויסגעלאָשן, אַלע טישן איבער־געקערט, און מיר אַלע, מיט די קוילעטשן, מיטן געפעס, מיט דער ציג, ליגן אין זאַמד, און די לבנה שיינט, און די שטערן קוקן, און די ציג כאַפּט זיך אויף מיט שרעק אויף די דינע פיסלאַך, בלייבט שטיין אַ ווײַלע און קוקט זיך אַרום מיט די נאַרישע אויגן ווי אַ זינדיקער מענטש, און באַלד כאַפּט זי די פיס אויף די פּלייצעס און מאַרש, ווי אַן עזות־פנים, איבער טישן און איבער בענק און איבער קעפּ מיט אַ געשריי: „מע־ע־ע־ע!" די ליכט אַלע אויסגעלאָשן, דאָס גע־פעס צעבראָכן, די קוילעטשן אין זאַמד, מיר אַלע איבערגע־

שראַקן אויף טויט. די ווייבער קוויטשען, די קליינע קינדער וויינען — אַ חורבן! אַן אמת׳ער חורבן!

* * *

— אַ שיינע סוכּה האָט איר אַנידערגעשטעלט, — זאָגט צו אונז נאָכדעם דער בעל־הבית, הערשקע מאַמצים, מיט אַזאַ טאָן, גלייך ווי מיר וואָלטן ביי אים גענומען פאַר דער סוכה מי יודע וויפיל, — אַז איין ציג האָט זי געקאָנט אַני־דערלייגן. אַ שיינע סוכּה!

— שוין איין מאָל אַ סוכּה! — זאָגט „שוין איין מאָל משה“, שטייט ווי אַן אויסגעפּאַטשטער און באַטראַכט מיט קאָפּ, פון וואַנען איינגנטלאַך, האָט זיך גענומען דער דאָזיקער חורבן. — שוין איין מאָל אַ סוכּה!

— יאָ, שוין איין מאָל אַ סוכּה! — קרימט אים איבער דער בעל־הבית מיט סם־המות, און אַלע העלפן אים אונטער אין איין קול:

— שוין איין מאָל אַ סוכּה!...

שלום־עליכם.



## דער הימל שפּאַלט זיך

ווי טרויעריק, פינסטער און קאַלט איז די נאַכט !
דער הימל מיט וואָלקן באַצויגן ;
איין איינציקן שטערן, איין איינציקן פונק
זוך איך אין דער הייך מיט די אויגן.
געדיכט זיינען אָבער די וואָלקן און שוואַרץ —
זיי האָבן די שטערן באַהאַלטן...
„— נו, נאַרעלע, נו, וואָס־זשע קערט עס דיך אָן ?
הייַנט מוז דאָך דער הימל זיך שפּאַלטן..."
יאָ, יאָ, טאַקע אמת — הייַנט איז דאָך די נאַכט,
ווען יעדער קען אויפגעריכט ווערן :
דער קרומער קאָן אָנהייבן ווידער צו גיין,
דער בלינדער צו זען, דער טויבער צו הערן ;

דער גרעסטער לאַ־יצלח קען ווערן אַ גביר,
דער גרעסטער שלים־מזל — אַ פּריץ;
אַן אייזל, אַ פערד — בעלי־דעה אין שטאַט,
אַ דיין — דער גרעסטער עם־האָרץ.
אַ זקן קען ווערן אי יונג, אי געזונט
און אָנהייבן ווידער דאָס רעדל צו פירן;
אין שול־הויף קען ווערן אַ גאָרטן — אַ פּראַכט; —
אין הקדש — אַ פּאַלאַץ מיט פענסטער און טירן...
אַ שמאַלץ־גרוב ביי יעדן מלמד אין שטוב,
און וואו נאָר אַ קלויז — אַ גן־עדן...
הכלל: עס קען ווערן אַ גליקלאַכע וועלט
מיט חכמה, מיט גבורה, מיט פריינטשאַפט און פריידן!...
— טאָ, זאָגט־זשע מיר, אידן, פאַר וואָס־זשע האָט איר
ביז איצט אַזאַ פינסטער פּנים, —
אביונים — ווי זאַמד אויף דעם ברעג פונם ים,
ווי שטערן אין הימל — קבצנים?
קבצנים, דלפנים מיט צרות, מיט שלעג,
יתומים, עגונות, אלמנות...
איך קוק אויף אייך, אידן, און קען דאָס גאָרניט
פאַרשטיין — אויף מיינע נאמנות!
עס גייען, עס פליען אַ יאָר נאָך אַ יאָר,
און ציען אַלץ לענגער דעם אומגליק דעם אלטן;
עס שפּאַלט זיך דער מוח, עס שפּאַלט זיך דאָס האַרץ —
ווען וועט זיך דער הימל שוין שפּאַלטן?!...

שמעון פרוג.

# הושענות רייסן



גאַנצע מחנה אינגלאַך מיט מעסערלאַך אין די קעשענעס זיינען פאַרטאָג אַרויסגעגאַנגען פונם שטעטל צום קליינעם וועלדל, וואָס איז געשטאַנען ביים טייכל קעגן אידישן בית־עולם, הושענות אָנצורייסן. אין דער לופטן הענגט אַ דיקער חושך. עס הערן זיך די פריילאַכע קעלעכלאַך פון די אינגלאַך און דאָס שליאָפּן פון זייערע פיס דורך די בלאָטעס. שלמה׳קעלע די ווילדע בריאה, גייט פאַראויס מיט אַ לאַמטערנע. ער איז זייער אָנפירער און דערפאַר טראָגט ער די איינציקע לאַמטערנע, וואָס ער האָט אַוועקגענומען פון איינעם אַ אינגל, וואָס האָט געהייסן זאַמקע. די אינגלאַך רעדן אַלע צוזאַמען, איבערשלאָגנדיק איינער דעם אַנדערן:

— טאָמער וועלן די שקצים אונז באַפאַלן, זאָלן מיר זיך שטעלן...

— און דרעלעווען זיי...

— פאַראיאָרן האָט ביי מיר מיטקאָס שגץ אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל!

— קינדער, טאָמער וועט מורזע באַפאַלן?

— זאָלן מיר גלייך זאָגן דעם פסוק...

— און פאַרוואַרפן אים מיט שטיינער, — שרייט די ווילדע בריאה, — און די פיס אים אונטערהאַקן.

— איך האָב מורא, אַזאַ בייזער כלב...

— דאַרפסט ניט מורא האָבן, וועסט שוין זען, וואָס איכ'ל טאָן! כ'האָב ניט מורא פאַר קיין כלב! — באַרימט זיך די ווילדע בריאה.

זיי זיינען שוין אונטערן שטעטל, וואו די קריסטן וואוינען. אין יענע הייזער זיינען די איינוואוינער אויפגעשטאַנען און פייערלאַך קוקן דורך די פענסטער אין דער פינסטערניש אַרויס.

פלוצים שפרינגט אַרויס פון אַ הויף דורך דער פינסטערניש אַ הונט מיט אַ צערייצטן בילן... די ווילדע בריאה טוט אַ געשריי „אוי, מאַמע!" און בלייבט שטיין פאַר שרעק מיט דער ברענענדיקער לאַמטערנע קעגן דעם הונט, וואָס רוקט אַרויס זיין גרויסן, ווייסן קאָפּ מיט ברענענדיקע אויגן פון דער פינסטערניש, בילט און פאַרשווינדט צוריק אין דער פינסטערניש און רוקט ווידער אַרויס דעם קאָפּ. די גאַנצע מחנה אינגלאַך שטייט ווי צוגעוואַקסן צו דער ערד. זיי האָבן מורא זיך פונם אָרט צו רירן, ניט פאָראויס און ניט צוריק, און קוקן אַהין, וואו דער ווייסער קאָפּ פונם הונט מיט די ברענענדיקע אויגן שווימט פון דער פינסטערניש אַרויס מיט אַ בילן און ווערט צוריק פאַרשוואונדן, ווי אַ שוואַרצע כוואַליע. דערנאָך הייבט אָן איין אינגל מיטאַמאָל צו שעפּטשען דעם פּסוק:

„איך בין יעקב, דו ביסט עשו,
וועסטו מיך בייסן, וועלן שדים דיך צערייסן".

און די איבעריקע אַלע כאַפּן אים אונטער. דער הונט האָט זיך אַפּנים דערשראָקן פאַר דעם אומגעווײנלאַכן שעפּ־טשען פון די דאָזיקע אַלע אינגלאַך אין מיטן דער אַרומיקער פינסטערניש, האָט ער אַ וואָיע געטאָן און איז פאַרשוואונדן.

דאַן ערשט טוט זיך די מחנה אַ לאָז ווייטער, אַפּריער שטיל, דערנאָך ווידער מיט קולות און געלעכטער. יעדער פון זיי באַרימט זיך איצט, אַז ער האָט פריער אָנגעהויבן דעם פּסוק און לאַכן פון דער ווילדער בריאה, למאי ער האָט זיך אַזוי דערשראָקן. די ווילדע בריאה שעמט זיך, עס שטייט אים נישט אָן, וואָס ער איז אַזוי געפאַלן ביי זיינע חברים, פאַרענטפערט ער זיך:

— מיר האָט אויסגעוויזן, אַז דאָס איז ניט קיין הונט, נאָר עפּעס כ׳וויים...

און ווען דאָס העלפט נישט, זוכט ער ביי זיי אויסצו־נעמען מיט אַ מעשה, וואָס ער האָט נעכטן פון זיין מאַמען געהערט.

די פינסטערניש אין די לופטן ווערט גרויער. ווייט, ווייט ערגעץ הינטערן טייכל קרייט אַ האָן, באַלד אַ צווייטער פון אַן אַנדער זייט, און דערנאָך דערהערט זיך אַ „קוקורעקו!" פון אַלע זייטן, אי פון דעם שטעטל, אי פון ווייט דאָרטן אונ־טערן וועלדל און טייכל, אי לאַנגע, אויסגעצויגענע „קוקורע־קום" פון אַלטע הענער, אי קורצע, דינענקע, געכאַפּטע, ווי צעשראָקענע, פון יונגע הענער...

פון דער גרויקייט שניידט זיך אַרויס דער אידישער בית־עולם מיט זיינע ביימער און מצבות קעגן טייכל, וואָס בליש־טשעט שוין אַרויף אַרויס מיט אַ זילבער שיין פון דער גרוי־קייט, און מורמלט... די אינגלאַך ווערן פּלוצים אַנטשוויגן און קוקן זיך אום מיט מורא אויפן אידישן בית־עולם. און שלמה׳קעלן ווייזט זיך אויס, אַז פון דאָרט קוקט אויף אים זיין צוויי־יאָריקע שוועסטערל עטעלע, וואָס איז פאַר צוויי יאָרן געשטאָרבן. מיט שרעק דרייט ער אַוועק דעם קאָפּ און רוקט זיך צו נענטער צו זיינע חברים.

אָט זיינען זיי שוין אין דעם שיטערן וועלדל. דער טאָג הייבט אָן אַרויסצוקוקן, ווי אַ שווינדזיכטיקער קוקט ער אַרויס, און דער רויטער ברעג אויפן הימל איז אויך עפּעס, ווי די רויטע פאַרב אויף אַ שווינדזיכטיקן פּנים. שלמה׳קעלע פאַרלעשט די לאַמטערנע. דערנאָך טוט ער זיך אַ נעם מיט די איבעריקע אינגלאַך צושניידן מיט די מעסערלאַך און צו רייסן די הושענות, וואָס זיינען נאַס פון דעם נעכטיקן רעגן און פון דעם היינטיקן טוי. אויף די וועלקנדע צווייגן פון די ביימער הענגען טוי־טראָפּן, ווי אַ שפּינוועב. אַזוינע טראָפּנס ליגן אויך אויף דעם וועלקנדיקן גראָז. דאָרט שטייט אַ גרוי פייגעלע, טרייסלט אירע פליגעלאַך, וויל מסתמא די פייכט־קייט פון זיך אַרונטערטרייסלען און פּישטשעט אַזוי רחמנות־דיק און פאַרבענקט. בענקט מסתמא נאָך דעם גרינעם זומער, וואָס גוס׳עט, נאָך ליכטיקער, וואַרימער זון, און, ווער ווייסט? — אפשר נאָך אַ קינד, וואָס דער פינסטערער בייזער הערבסט האָט דער׳הרג׳עט.

אַ שוואַרצער ראָב איז דורכגעפלויגן מיט אַ קראַקען און, ווי מיט ניצחון, האָט זיך זיין בייזער געשריי געטראָגן אין דעם וועלקנדן וועלדל, ווי ער וואָלט זיך מיט דעם נאָענטן אַרומיקן טויט געפרייט...

די אינגלאַך האָבן אָנגעריסן גאַנצע פּעק הושענות און שוין זיך געהאַט געקליבן אַהיים. ערשט מיטאַמאָל האָט זיך פון צווישן דיביימער באַוויזן זייער אַלטער שונא, אַ פּויעריש אינגל, אַ יאָר דרייצן־פערצן, אין אַ סערמיעגע מיט אַ וואָרי־מען היטל אויפן קאָפּ. ער האָט אַ געשריי געטאָן:

— סטעפּאַן, זשידקי טוטעקאַ!...

זיך אָוועקגעשטעלט און געשריען ווייטער, שוין צו די אינגלאַך:

— זשיד־כאַלאַמיד! זשיד־כאַלאַמיד! זשיד־כאַלאַמיד!...

די אינגלאַך האָבן זיך שוין געהאַט אַ לאָז געטאָן לויפן, אָבער די ווילדע בריאה, וואָס האָט נאָר מורא געהאַט פאַר אַ הונט, האָט אַ געשריי געטאָן:

— קינדער, אַנטלויפט ניט! לאָמיר אים אָנדרעלעווען די ביינער. — ער האָט אַוועקגעגעבן זאַמקען די לאַמטערנע, אַן אַנדער אינגל זיין פּאַק הושענות, אַרונטערגעכאַפּט דאָס היטל פון קאָפּ, פאַרוקט דאָס וויט אונטערן בוזים, דער שגץ זאָל דאָס ניט אַרונטערכאַפּן, און זיך אַ וואָרף געטאָן צו יע־נעם, דעם קאָפּ איינגעבויגן, אָט ווי אַ ווילד ביקל מיט די הערנער.

סטעפּאַן! — האָט דער שגץ אַ געשריי געטאָן און זיך אויך אַ לאָז געטאָן קעגן שלמה׳קעלן.

שלמה׳קע איז אַריינגעפּאָרן מיטן קאָפּ צו יענעם אונ־טער דער ברוסט, און גענומען שנעל אַרבעטן מיט די הענט אויף יענעמס פּנים. און דער שגץ האָט אים געשלאָגן אין רוקן, אין די זייטן, האָט אים אַרומגעכאַפּט און געוואָלט אים אַ וואַרף טאָן אָן דר׳ערד. דאָן האָט שלמה׳קעס האַנט אָנגע־כאַפּט דעם שגצס נאָז, און דער שגץ האָט גענומען שרייען און בריקען שלמה׳קען מיט די פּיס. דערווײַלע איז געקומען צולויפן סטעפּאַן, אַ קלענערער ווי יענער, נאָר אַ פלינקערער. און ביז די אַנדערע אינגלאַך זײַנען צוגעלאָפן העלפן שלמה־קען האָט סטעפּאַן אים שוין געהאַט צעבלוטיקט די נאָז, און איז אַנטלאָפן מיט זיין ברודער צווישן די ביימער.

שלמה׳קעלע, מיט אַ צעבלוטיקטער נאָז, מיט רויטע בעקלאַך, האָט געלאַכט:

— אַי, האָב איך אים געדרעלעוועט!

נאָר ווען מען האָט אים געזאָגט, אַז די נאָז איז ביי אים צעבלוטיקט, און זי אַ וויש געטאָן און דערזען בלוט אויף די פינגער, האָט ער זיך צערעוועט:

— אַי, מאַ־אַמע! אַי, מאַ־מעע!...

ער האָט גענומען שילטן די אינגלאַך, פאַרוואָס זיי האָבן אים ניט געהאָלפן, און איינעם האָט ער אַזאַ פּלעם געטאָן פאַר כעס, אַז יענער האָט אויך גענומען וויינען.

— אַי, מאַ־אַ־מע!...

צום סוף אָבער, האָט ער זיך ווידער איבערגעבעטן מיט די אינגלאַך, ווען פון דער נאָז איז שוין מער קיין בלוט ניט געגאַנגען, האָט גע׳טענ׳עט און געקוואָלן...

— אָי, האָב איך אים גערדרעלעוועט!...

שפּעטער האָבן די טאַטעס מיט די אינגלאַך געשלאָגן מיט די דאָזיקע הושענות די בענק אינם בית־המדרש, און די ווילדע בריאה איז מיט זיינע הושענות אַריינגעפאָרן אַ צווייטן אינגל אין פּנים אַריין, האָט דעם אינגלס טאַטע אָנ־געריסן שלמה׳קען די אויערן, האָט שלמה׳קעלע ווידער גע־וויינט: אָי, מאַ־אַ־מעע! און האָט זיך געשוואוירן, זאָל ער שטאַרבן ביז מאָרגן, אויב ער וועט ניט אָפּרייסן דעם אינגל האַלבן יאָרן מיט לונג און לעבער אינאיינעם.

ל. קאַברין.



# מישאל

## א

אַם גאַנצע קיילאַכדיקע יאָר רעכנט ער זיך גאָר פאַר קיין מענטש ניט, נאָר גלאַט עפּעס אַ „בחורילאַ", אַ מיאוסער נפש, אַ ביטערער פּוסטעפּאַסטניק, וואָס לאָזט קיינעם אין גאַס ניט דורכגיין. אַז איר פאָרט אַריין אַמאָל אין שטעטל, איז דעם ערשטן ברוך־הבא גיט אייך אָפּ מישאל מיט זיין חברה באָרוועס־שקצים און מיט זיין כאַליאַסטרע ווייסע טייבעלאך, וואָס טוקן זיך איבער אייער קאָפּ אין שטילן בלויען הימל. מישאל איז אַ אידישער נאָמען, נאָר זייט אידן זיינען אידן, האָט נאָך קיינער אַזאַ ווילדן נאָמען ניט געטראָגן, ביז וואַנען אויף דער וועלט איז אַראָפּגעשיקט געוואָרן אָט דער ווילדער נפש. וויפיל מישאל איז אַלט — וועט אייך קיינער זיך ניט אונטערנעמען צו זאָגן. שוין יאָרן־לאַנג, אַז מען געדענקט אים אין דעמזעלבן וואוקס, אין דעמזעלבן פאַרשמאַלצעוועטן, צעשפּיליעטן העמד, מיט דעמזעלבן שטריקל, אָנשטאָט אַ גאַרטל, אויף די הויזן.

אַמאָל, גאָר אין די יונגע יאָרן, אַז גרונם־ברוך דער תהלים־זאָגער און גרונה־ברכה די תחינה־זאָגערין האָבן אַרויסגעזען, אַז קיין לייט וועט פון זייער מישאלן אין חדר ניט ווערן, האָבן זיי אים אָפּגעריסן פון לערנען און אָפּגעגעבן

צו טביה דעם בלעכער, ער זאָל אים אויסלערנען די מלאכה פון בלעכעריי. פון טביה דעם בלעכער איז מישאל אַריבער־געגאַנגען צו לייבע דעם שניידער, פון לייבע דעם שניידער צו לייבקע דעם שמיד, פון לייבקע דעם שמיד צו יונה דעם סטאָליער און פון יונה דעם סטאָליער — ווידער אַמאָל צו טביה דעם בלעכער. פאַר דער צייט האָט מישאל ערגעץ פאַרלוירן דאָס רעכטע אויג און דאָס אויבערשטע פונם לינקן אויער, ביז וואַנען ער איז גאָר אינגאַנצן אַרויס אין אייגע־נעם רשות און איז געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש. פון דענסטמאָל אָן טרייבט זיך מישאל אום זיין גאַנץ לעבן אין די גאַסן, פייפט אויס קונציק מיט די ליפּן די נייעסטע ניגונים פון די כלי־זמר, רייבט זיך אַרום די פויערשע וועג־לאַך, יאָגט זיך מיט חברה שקצים נאָך טייבעלאַך און כאַפּט טרוקענע קלעפּ פון אַלע זייטן. זיין טאַטע, גרונם־ברוך, דער תהילים־זאָגער, טרייבט אים פון שטוב, יאָגט זיך נאָך אים איבער דער גאַס מיט אַ קאָטשערע און פאַרלירט בעת־מעשה די שפּאַקולן פון דער נאָז. אַז ער כאַפּט אים, פּאַטשט ער אים אָן זיינע ביידע באַקן אַזוי הילכיק און מיט אַזאַ אימפּעט, אַז פייערדיקע פונקען פליען אַזש ביי מישאלן פון דעם איינ־ציק געזונט אויג. נאָר גרונה־ברכה די תחינה־זאָגערן איז דאָך פאָרט אַ מאַמע, טראָגט זי אים שטילערהייט אַרויס אין דרויסן ברויט מיט קרופּניק אונטער דעם פאַרטוך.

און עס מאַכט זיך אַמאָל, אַז טאַטע־מאַמע גייען אַוועק אויף דער אַרבעט, ערגעץ „זאָגן“ — דענסמאָל כאַפּט זיך מישאל אַריין אין שטוב, פאַלט צו צום פאַרשלאָסענעם אַל־

מער, עפנט אים אויף מיט עפּעס אזא מין צוגעפּאסט העלצל און מאַכט דאָרטן אָן צרות. ער שטופּט אין מויל אָן רחמנות אַלץ, וואָס עס טרעפט זיך נאָר אונטער דער האַנט: אוגער־קעס — איז אוגערקעס, אַלט־געבאַקענע חלה — איז אַלט־געבאַקענע חלה, פּסח'דיק שמאַלץ — איז פּסח'דיק שמאַלץ... און ווער שמועסט, אַז עס באַגליקט און מען קאָן געפינען אין אַלמער אַ פולן קרוג מיט פרישע, קאַלטע, נאָר־וואָס אָנגע־שטאַנענע סמעטענע, וואָס אַז מען גיט עס אַ קער אין פּאַר־טריקנטן מויל אַריין, דערפילט מען גלייך דעם טעם פון גן־עדן...

ב

אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר רעכנט ער זיך גאָר פאַר קיין מענטש ניט, נאָר גלאַט עפּעס אַ „בחורילא", אַ מיאוס'ער נפש, וואָס טרייבט זיך אום פוסטעפּאַס איבער די גאַסן. נאָר ווי באַלד עס קומט אָן חול־המועד סוכות — ווערט דערזעל־בער מישאל דער ערשטער אין שטעטל, אַ מענטש, וואָס די גאַנצע וועלט קוקט אויף אים אַרויס, וואָס די גאַנצע וועלט האָט מיט אים צו טאָן, וואָס קיינער קאָן זיך אָן אים נישט באַגיין.

שוין די ערשטע נאַכט פון חול־המועד סוכות, בשעת דער עולם פאַרבלייבט אין שול, פאַרקלייבט זיך מישאל אונ־טערן אויוון מיט זיינע דריי בעסטע גוטע פריינט, און עס קומט ביי זיי דאָרטן פאָר עפּעס אַזוינס, וואָס מען מעג עס זיכער אָנרופן „באַראַטונגס־זיצונג". די דריי בעסטע גוטע

פריינט מישאלס זיינען: פייסי־שפענצער, כאַצקל־וואָרים און בערעלע־ליפּ. מען סוד'עט זיך וועגן געשעפט, — וועגן גיין אין וואַלד שניידן הושענות, וועגן אויסברענגען די הושענות, וועגן העכערן דעם מקח אויף הושענות.

— אוודאי! — טענה'ט מישאל און גיט זיך בעת־מעשה געשווינט אַ קראַץ אין זייט און כאַפּט אַ וויש מיט גראָבן פינגער איבער דער נאָז. — הערסט! הייַנטיקס יאָר האָבן מיר דאָך אַ יקרות! איר פאַרשטייט אַן עסק?...

— אהאַ! אַ חידוש צי מיר פאַרשטייען! אוודאי פאַר־שטייען מיר! — כאַפּט אונטער חברה לעבעדיק.

הינטער דעם אויוון שטעלט זיך אוים דאָס קליינוואַרג פון שול און קוקט אַריין נייגעריק, מיט גרוים דרך־ארץ צו מישאלן מיט זיינע בעסטע גוטע פריינט.

— איר הערט, קליינע שנעקעס! זאָל זיך ווער פון אייך דערוועגן אויסשניידן כאָטש איין הושענא אין וואַלד, ווערט ער אויפן אָרט אַ קדוש!

און מישאל סטראַשעט דאָס קליינוואַרג מיטן קולאַק און מיט דעמזעלבן קולאַק כאַפּט ער תיכף אַ קראַץ אין זייט און אַ שמיר איבער דער נאָז. חברה האַלט אים אונטער מיט היץ:

— אהאַ, זאָלן זיי אַקאָרשט פּרואוון! אַ מיתה משונה אויפן אָרט!...

און מען קוקט אויף מישאלן מיט ברענענדיקע אויגן, מיטן גרעסטן דרך־ארץ, כמעט מיט ליבשאַפט. מישאל אַליין

וואַקסט אוים ביי זיך אין די אויגן און עס צעפלאַמען זיך ביי אים די באַקן.

אויף מאָרגן אינדערפרי, בשעת עס זעט זיך אויף דער ערד אַ דין קאַלט רעגנדל און אַ ווינט טרייבט אום די בלייער־נע וואָלקנס אויפן הימל, גורט זיך אָן חברה מיט לאַנגע שטריק, באַוואָפנט זיך מיט מעסערס און מען לאָזט זיך גיין נאָך מישאלן אין וואַלד אַריין מיט באָרוויסע פיס, איבער בלאָ־טעס און איבער טייכלאַך, איבער פעלדער און איבער שליאַכן.

אייגנטלאַך, קומט די זאַך אוים אַביסל וואונדערלאַך. מיט וואָס האָט עס מישאל געהאַט די זכיה צו ווערן ביי חברה אַזוי געהויבן אין דער צייט פון הושענות? וואָס אַזוינס פאַר אַ קראַפט שטעקט אין אים, וואָס די דאָזיקע דריי חברה־לייט, זיינע בלוטיקע שונאים אַ גאַנץ יאָר, ווערן זיינע בעסטע גוטע פריינט, ווי נאָר עס קומט הושענא רבה? נאָר ווי די מעשה איז — דער פאַרקויף פון הושענות איז שוין פון יאָרן־לאַנג ביי מישאלן אין די הענט, ווי אַ מין חזקה, ווי אַ מין „מאָנאָפּאָל" פון הושענות. וויי־וויי איז צו דעם, וואָס וועט זיך דערוועגן חול־המועד סוכות אַריינטרעטן אין וואַלד אַריין, צו די פייכטע ווערבעס, מיט אַ מעסער אין האַנט!...

### ג

אין דעמזועלבן טאָג זעט דאָס גאַנצע שטעטל דורך די פאַרעגנטע פענסטערלאַך, ווי מישאל מיט זיין חברה קומען אָן פון וואַלד אָנגעלאָדענע, בויגן זיך אונטער שווערע, נאַסע בינטלאַך מיט ווערבעס. דאָס גאַנצע שטעטל אינגלאַך גייען

זיי אַרוים מקבל־פּנים זיין. גרונם־ברוך דעם תהילים־זאָגערם הויף ווערט אַ מין גרויסע פאַבריק פון הושענות. מען צע־בינדט די בינטלאַך, מען וואַרפט אַן די פייכטע ווערבעס אין איין גרויסער קופּע. בעלי־הבתי׳שע קינדער באַלאַגערן דעם הויף, מען איז גערן עפּעס העלפן, עפּעס טאָן אַן אַרבעט, פאָלגן אַ גאַנג מישאַלן. גרונה־ברכה די תחינה־זאָגערן טראָגט אַרוים קנוילן פאָדעם, וואָס זי האָט אָנגעשפּינט אַ גאַנץ יאָר, און חברה נעמט זיך מיט חשק צו דער אַרבעט. ווער עס האָט ניט געזען מישאַלן בשעת בינדן די הושענות—דער האָט קיינמאָל ניט געזען ווי אַזוי עס ברענט אַרבעט אונטער די הענט. די באַרווּיסע פיס פאַרקויטיקט, די אַרבל פון העמד פאַרקאַטשעט, די הויזן צפון־זייט, דאָס פּנים פלאַמט, פון נאָז רינט... די מאַמע טראָגט אים אַרוים בפרהסיא פאַרן טאַטן אין די אויגן, אַ טעלער קרופּניק. דער טאַטע, אַ קראַנקער, אין שפּאַקולן, נעמט אַן הושענא אין האַנט, קוקט אויף איר פון אויבן אַראָפּ, פאַרביי די גלעזלאַך פון זיינע שפּאַקולן, און רופט זיך אָפּ מיט אַ ברוגז:

— הער דו, קום אַקאַרשט אַהער! אַט דאָס איז ביי דיר אַ כשר׳ע הושענא?!...

צו אַזאַ כבוד האָט מישאַל די זכיה נאָר איין מאָל אין יאָר.

און דאָס פּעקל פאַרטיקע הושענות וואַקסט און וואַקסט, און מער פון דעם וואַקסט מישאַל אַליין. ער באָדט זיך אין גדולה, אַ צעפלאַמטער, אַן אַנטציקטער, אויף דער העכסטער מדרגה פון גליק.

## ד.

דערנאָך צעטיילט זיך חברה מיט די הושענות און מען לאָזט זיך איבער דעם שטעטל אויסברענגען די סחורה. אַלע ווײַלע קומט מען זיך צונויף איניינעם, און מישאַל קאָנט־ראָלירט דעם האַנדל. עס איז ניטאָ קיין גרעסערע באַליידי־קונג פאַר חברה ווי דאָס, בשעת מישאל רוקט אײנעם אָן דאָס היטל איבער די אויגן, גיט אים אַ שמיר מיט אַלע פינף פינגער איבערן פנים און זאָגט מיט דער גרעסטער פאַראַכ־טונג:

— שמענדריהאָף! מער ווי פינף קאָפּיקעס האָסטו קיין כּוח ניט געהאַט צו פאַרטראָגן? דאָס קאָסט דאָך אונז בלוט!...

מישאלן אַליין וועט שוין קיינער ניט אָפּנאַרן. ער ווייסט מיט וועמען ער האָט צו טאָן און וואָס ער האָט צו רעדן. אָט קומט ער אַריין צו חיים־שעיה דעם גביר פון שטעטל. חיים־שעיה דער גביר פון שטעטל זיצט ביי זיך אין סוכה, קנייטשט דעם שטערן איבער אַ דיקן ספר און מישט אַ גלאָז טיי מיט אַ לעפעלע. מישאל שטייט אַ ווײַלע אין טיר און נעמט הוסטן.

— ע... הע... גוט יום־טוב!

— גוט יום־טוב? — פרעגט איבער חיים־שעיה דער גביר פאַרוואונדערט און הייבט אויף פאַוואָליע דעם קאָפּ צו מישאלן און גלאָצט אויף אים אויס אַ פּאָר אויגן, ווי אַ נעכ־טיקער. — הא, וואָס דאַרפסטו, בחור? עמיצער האָט דיך געשיקט אהער? גיי אין קיך!...

— ע... הושענות...

— וואָס הושענות? ווער הושענות? גיי אין קיך!... אַ! דאָס פּאַרקויפסטו הושענות? נו, מהיכי־תּיתי, לייג אַני־דער אַט־אַ־דאָ.

נאָר חיים־שעיה דער גביר פון שטעטל פאַרגעסט אַפּנים אַז הושענות איז אַ סחורה, ווי אַלע סחורות, און מען דאַרף דערפאַר צאָלן מיט מזומנים. ער פאַרטיפט זיך ווידער אינם דיקן ספר און מישט ווידער דאָס גלאָז טיי מיטן לעפעלע. מישאל בייט די פיס שטייענדיק אויף איין אָרט, נעמט צוריק אין האַנט די הושענות, וואָס ער האָט אַוועקגעלייגט פאַרן גביר, און גיט ווייטער אַ הוסט:

— ע... הע... איך האָב געוואָלט זאָגן... מען לייגט אַוועק דאָס געזונט...

— האַ? — פרעגט חיים־שעיה דער גביר האַסטיק, הייבט אויף דעם קאָפּ פון דעם דיקן ספר און שטעלט אָן אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע אויגן אויף מישאלן, נאָר זען זעט ער אים ניט.

— איך זאָג, הייסט עס, די הושענות... אַ שווערע פרנסה... מען לייגט אויף זיי אַוועק דאָס געזונט...

ביי חיים־שעיה דעם גביר הייבן אָן מיט אַמאָל צו ציטערן הענט און פיס, און דער שיין פון טאָג ווערט אים אויסגעלאָשן פאַר די אויגן.

— צירה־לאה! וואו איז די מויד, צו אַל־די שוואַרצע יאָר! זאָל זי אַוועקנעמען פון דאַנען אַט־אַ־דעם־אַ! זאָל זי אים געבן אַביסל בראָנפן און הייסן גיין!...

פון דעם גביר גייט מישאל אַרויס אַ שיינענדיקער, רויט ווי אַ בורעק, מיט אַ צעשמאָלצענעם גלאַנץ אין דעם איינ־אונייִנציק געזונט אייגל. ער פליט אָן אויף חברה מיט אַ גדולה:

— איר הערט, פּעטוכים! אַ חצי־פויגל גע׳נתנ׳ט, ווי איך בין אַ אידענע!

## ה

און הושענא רבה ביינאַכט, נאָך דעם גרויסן יריד, בשעת גרונם־ברוך דער תהילים־זאָגער און גרונה־ברכה די תחינה־זאָגערן גייען אַוועק אין שול אויף דער אַרבעט, זעצט זיך אוים חברה אַרום טיש און מען ציילט דעם פּדיון פון די הושענות. אויפן טיש איז דאָ אַ סך מטבעות, קופּערנע מטבעות און זילבערנע מטבעות, מטבעות פאַרזשאַווערטע און נייע, בלישטשענדיקע, וואָס מאַכן ליכטיק די אויגן און פרייִלאָך דאָס האַרץ. מישאל זיצט אויבן־אָן און לאָזט קיינעם נישט צורירן זיך צום פּדיון. ער אַליין מוז פריער באַטאַפּן יעדע מטבע, אָנשפּייען אויף איר, זי זאָל זיין מזל׳דיק, און אַוועקלייגן זי אויף איר אָרט, צו איר קופּקע. עס פלאַמען ביי אים די באַקן, עס ציטערן ביי אים די הענט און די באַרוויסע אָנגעפרוירענע פיס פייערן.

די חלוקה גייט אַריבער בשלום. אַלע פאַרלאָזן זיך אויף מישאלס יושר. אַלע האַלטן שוין פאַר אַ חזקה פון קדמונים, אַז אים קומט צוויי חלקים פונם גאַנצן פּדיון.

דערנאָך נעמט חברה באַפרידיקן זיך פאַר דער שווערער אַרבעט, וואָס מען האָט אָפּגעאַרבעט פאַר די לעצטע טעג.

מען ברענגט אַ געבראָטן גענזל, וואורשט, בראָנפן מיט פרי־
שער יום־טוב׳דיקער חלה און מען מאַכט אַ סעודה. און אַז עס
קומט די צייט פון דעם בראָנפן, צעפלאַקערט זיך מישאל אַזוי,
אַז ער גיסט אָן דעם קעלישעקל איבער די ברעגן.

— איר ווייסט גאָר וואָס, קינדער? — רופט זיך אָן
מישאל ביי דעם פערטן קעלישעק. — לאָמיר גאָר נעמען אַלע
און ווערן מענטשן... מיט אַלעמען... ווערן מענטשן, ליי־
טישע מענטשן... אַלעמען אויף צו־להכעיס... אָנטאָן וואַ־
רימע בורקעס... אָנטאָן שטיוול... אַלעמען אויף צו־
להכעיס... חתונה האָבן...

דאָס פאַרשטייט שוין חברה גאָרניט און שיסט אוים מיט
אַ הילכיק שיכור־געלעכטער:

— כאַ־כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ!

עס לאַכט אויך די סטעליע, אויך די ווענט, און אפילו
דאָס פלעשל אויפן טיש לאַכט. אַלץ מישט זיך אוים איניי־
נעם און דרייט זיך אום אין אַ רויך. מישאל קוקט זיך אום
מאָדנע, מיט אַ צעשמאָלצן איינגעיינציק געזונט אייגל, און
בעלעמעטשעט עפּעס מיט אַ הילצערנער צונג. נאָר קיינער
הערט אים ניט. חברה זינגט און פויקט איבערן טיש:

— לאָם־טאָם־טיריל־לאָם! לאָם־טאָם־טירילאָם!...

און פּלוצים הייבט אָן מישאל צו כליפּען. פון אָנהייב
דאַכט זיך אוים חברה, אַז דאָס מאַכט מיט זיי מישאל אַ
שפּאַס, מחמת פריילאַכקייט. נאָר וואָס ווייטער און ווייטער
צעכליפּעט ער זיך אַלץ מער, לייגט זיך אָוועק אויפן בענקל
מיטן פּנים אַראָפּ און דאָס געוויין כאָרכלט ביי אים עפּעס

מאָדנע אין האַלז און אין נאָז. ער קראַצט דעם קאָפּ און טענ׳עט אַליין:

— וואָס? וואָס ווילן זיי פון מיר?... וואָס האָט ער מיר געטאָן?... מיט אַ שייט האָלץ געגעבן... איך האָב געהאַט... צוויי אויגן געהאַט... צוויי געזונטע... צוויי... געווען אַ פאַרשוין... אַ מענטש... גענומען... געגעבן... ווער האָט גע׳גנב׳עט?... איך ניט!... ניטאָ מער... ניטאָ אַן אויג... ניטאָ!...

אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר רעכנט ער זיך גאָר פאַר קיין מענטש ניט, נאָר גלאַט עפּעס אַ „בחורילאַ", אַ מיאוס׳ער נפש, וואָס טרייבט זיך אום פּוסטעפּאַס איבער די גאַסן. נאָר ווייבאַלד עס קומט אָן חול-המועד סוכות, ווערט דערזועלבער בחור דער ערשטער אין שטעטל, אַ מענטש, וואָס די וועלט קוקט אויף אים אַרוים און רעכנט זיך מיט אים, ווי מען רעכנט זיך מיט אַלע אַנדערע מענטשן.

י. ד. בערקאָוויטש.

# די פאָן



ינדער! איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה מיט אַ פאָן, ווי אַזוי איך, אַן אָרימאַנס אַ אינגל, האָב באַקו־מען אויף שמחת־תורה אַ פאָן, ווי שווער זי איז מיר אָנגעקומען און ווי גרינג איך האָב זי פאַרלוירן.

אַז איך בין געווען נאָך גאָר אַ קליין אינגעלע, אַזוי ווי איר, האָט מען מיך גערופן „טאָפּעלע טוטעריטוטו", דאָס הייסט „קאָפּל קוקעריקו". ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל ערשטנס האָב איך געהאַט אַ דין קוויטשיק קעלכל, ווי אַ יונג האָנעכל, וואָס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן צו קרייען. און צווייטנס האָב איך ניט געקאָנט אויסרעדן קיין „קוף", און קיין „סף" און קיין "גימל", און ווי אויף צו להכעיס האָט מיין טאַטע געדאַרפט הייסן קלמן, מיין מאַמע גיטל קלמנס, איך — קאָפּל גיטל קלמנס און דער רבי —- גרשון גאַרגל דרדקי פון גאַלאַגאַנאָווקע.

— אינגל! ווי אַזוי רופט מען דיך?

— מיך? טאָפּל דיטל טלמנס...

— העכער אַביסל!

— טאָפּל דיטל טלמנס...

— נאָך העכער!

— איך שריי הייך, אויף אַ קול:

— טאַפּל, דיטל טלמנם!

— און ביי וועמען לערנסטו?

— ביי וועמען לערן איך? ביי דרשון דאַרדל דרדטי פון דאלאדאנאָווטע!...

דער עולם לאַכט.

דער עולם לאַכט — און איך וויין.

איך וויין נישט פון דעם, וואָס מע לאַכט פון מיר, נאָר דערפאַר וואָס מע שלאָגט מיך, איטלאַכער, ווער עס האָט גאָט אין הארצן, דער שלאָגט מיך: דער טאַטע, די מאַמע, די שוועסטער, דער רבי, די תלמידים, מע לערנט מיך, איך זאָל רעדן „ווי א מענטש...

דער רבי האָט מיך איינמאָל אַריינגעזעצט אין „שפּרייז העלצל" און געהייסן די תלמידים, זיי זאָלן מיר שפּייען אין מויל אַריין: —טאָמער וועט דאָס זיין אַ רפואה... האָט זיך אַריינגעמישט רב זיאַמע דער סטאָליער, וואָס איז גע־זעסן מיטן רבין אונטער איין דאַך:

— וואָס מוטשעט איר אַ קינד, נעבאַך, אומזיסט־אומ־נישט? אָט לאָזט מיך אויף אַ מינוט, וועט איר זען, אַז ביי מיר וועט ער רעדן „ווי אַ מענטש"...

אַזוי זאָגט רב זיאַמע דער סטאָליער, רופט מיך צו, נעמט מיך אָן פאַרן בערדעלע און מאַכט צו מיר אַזוי:

— קוק אויף מיר, אינגעלע, און זאָג מיר נאָך וואָרט ביי וואָרט: „אָץ קוצץ — בן קוצץ — קצוצי — לקציץ".

איך קוק אים אָן און זאָג אים נאָך וואָרט נאָך וואָרט:

„אָט טוטץ — בן טוטץ — טטוצי — לטטץ"...

— נישט אַזוי, — מאַכט רב זיאָמע, — דו קוק מיר גלייך אין מויל אַריין און זאָג מיט מיר אינאיינעם: „יומם השמש לא יככה וירח בלילה".

איך קוק אים גלייך אין מויל אַריין און זאָג מיט אים אינ־איינעם: „יומם השמש לא יטטא וירח בלילה"...

— ניין, נאַרעלע, — זאָגט צו מיר רב זיאָמע, — דו זאָג ניט „יטטה", זאָג בעסער יככה! יככה! יככה!

— יטטה! יטטה! יטטה!..

רב זיאָמע טוט אַ מאַך מיט דער האַנט:

— ווייס איר וואָס איך בין דערגאַנגען? אַרויסגעוואָרפן די טרחה. אים וועט שוין קיין טאַטער אויך ניט העלפן. אַן אייביקער קאַליקע!

## ב.

האָבן אויף שמחת־תורה אַ פאָן, טאַקע וואָס אַ פאָן הייסט, אַ פאָן מיט אַ שטעקעלע, פון אויבן אַן עפּל, אינם עפּל אַ ליכטל — דאָס האָט ביי מיר דעמאָלט אויסגעוויזן אַזאַ גליק, אַזאַ גליק, וואָס איך האָב גאָר מורא געהאַט אפילו טראַכטן וועגן דעם. קאַרג גוטע זאַכן איז פאַראַן אויף דער וועלט? למאי ס'איז פאַראַן אַזעלכע אינגלאַך אין חדר, וואָס פאַרמאָגן געלט אויף צו קויפן אַ מעסערל, אַזאַ מזל!

אוי, קינדערלאַך, איך האָב קיין ווייסע בולקע אין דער וואָכן קיינמאָל נישט געגעסן! איך בין גערן געווען, אַז איך האָב געהאַט שוואַרץ ברויט צו זאַט, מחמת מיר זיינען גע־ווען, נישט פאַר אייך געדאַכט, ביטערע אָרימע לייט, אביונים,

כאַטש אַלע האָבן ביי אונז געהאָרעוועט: דער טאַטע, עליו השלום, איז געווען אונטער־שמש אינם אונטערשטן קלייזל פון דער קצב׳ישער קלויז, די מאַמע, עליה השלום, איז געווען אַ בריה באַקן קאָרענעם לעקאַך, און די שוועסטער האָבן אויסגעאַרבעט זאָקן.

איר מעגט מיר גלייבן בנאמנות: איך האָב נישט געוואוסט דעם טעם, וואָס הייסט אָפּעסן אַזוי, אַז איך זאָל טאַקע באַלד ניט קאָנען עסן נאָכאַמאָל.

היינט ווער שמועסט האָבן ביי זיך אין קעשענע אַ קאָפּיקע, אַן אייגענע קאָפּיקע, — דאָס האָט זיך מיר אַפילו ניט געחלומט.

און שטעלט זיך פאָר, אַז איך, קאָפּל קוקעריקו, ווער מיט אַמאָל אַ גביר און באַקום מיין אייגנס צוויי און צוואַנציק קאָפּיקעס.

אפשר מיינט איר אַ נס — אַ פריץ האָט פארלוירן און איך האָב געפונען? האָט איר דוקא נישט געטראָפן. אָדער טאָמער רעכנט איר, איך האָב זיי גלאַט אַזוי ערגעץ דערטאַפּט, אַרויסגע־גנב׳ט, חלילה, פון אַ פושקע? גאָט זאָל אייך היטן פון אַזאַ מחשבה! איך האָב זיי, שווער איך אייך, פאַרדינט, כשר פאַרדינט, פאַרהאָרעוועט מיט מיינע אייגענע... פיס.

דאָס איז געווען פורים, האָט מיך דער טאַטע געשיקט, איך זאָל צעטראָגן דעם שלח־מנות צווישן די בעלי־בתים פונם אונטערשטן קלייזל פון דעם קצב׳ישער קלויז. פריער פלעגט צעטראָגן דעם שלח־מנות איינע פון מיינע עלטערע

שוועסטער, און איצט, אַז איך בין שוין אַביסל אונטערגע־וואַקסן, האָט דער טאַטע געזאָגט, אַז איך מעג שוין אויך זיין אַ שטיקל הילף. האָב איך גענומען דאָס טעלערל מיטן פלעדל, ארומגעטראָגן דאָס פון שטוב צו שטוב צווישן אַלע בעלי־בתים פונם אונטערשטן קלייזל פון דער קצב׳ישער קלויז, גע־קנעטן מיט די באָרוועסע פיס די קאַלטע, גליטשיקע בלאָטע, און פון די גראָשנס, וואָס מען האָט מיר געשענקט פאַרן וועג, האָב איך געמאַכט אַ זילבערנעם פערציקער מיט פיר גראָ־שנס.

דאָס געלט האָב איך געהאַלטן ערשטנס אויף ל״ג בעומר צו דער סעודה. ל״ג בעומר צו דער סעודה פלעגן אַלע קינ־דער ברענגען עפּעס אין חדר אַריין: ווער מזומן געלט, ווער אַן עסנוואַרג, און ווען אַ נאַשעריי. נאָר איך איינער פלעג קומען מיט מיין שטענדיקן אָנבייסן — אַ שטיקל ברויט מיט קנאָבל; עס פלעגט מיר פלאַמען דאָס פּנים. און כאָטש אין קאָן האָט מען מיך אַריינגענומען גלייך ווי אַלע אינגלאַך, נאָר געפילט האָב איך, אַז ס׳איז אוים רחמנות — און ס׳איז מיר ניט איינגעגאַנגען די שמחה... אַצינד, האָב איך מיר געטראַכט, הער איך אייך אַלע מיטן קאָטער: איך בין, ברוך־השם, אַזאַ פּאַרשוין, וואָס איך גיי מיט מזומנים. ווי באַלד אַזאַ נגידס אַ אינגל, ווי יואליק, גיט צושטייער אַ פערטעלע, מעג איך געבן אַ קאָפּיקע, וואָרים וואָס בין איך אָנטקעגן אים? אַ גאָרנישט! ווי איז אָבער דער דין, אַז איך גיב אַ פיטאַקל — בין איך יוצא? נו, גיב איך טאַקע אַ גריוונע, און ווייסט, ווער איז קאָפּל קוקעריקו!...

און איך האָב אַריינגעבראַכט אין דער קאָראָבקע אויף ל״ג בעומר צען קאָפּיקעס. דאָס איבעריקע געלאָזט אויף שפּעטער.

שפּעטער, זומער לעבן, ס׳איז אויפגעקומען גרינוואַרג, עס האָבן זיך באַוויזן פרישע אויבסן, איז געקומען ווידער אַמאָל דער יצר־הרע:

— זעסט, — זאָגט ער, — גרינע אַגרעסן? זעסט וואַסערע רויטע ווייַנפּערלאַך?

— פון גרינע פּירות, — זאָג איך, — ווערן נאָך אייליק די ציין.

— מאַך „שהחיינו״!, — זאָגט צו מיר דער יצר־הרע, — שהחיינו איז אַ מצוה...

— שהחיינו, — זאָג איך, — וועל איך נאָך צייט האָבן צו מאַכן; דער זומער איז נאָך גרויס. עס וועט נאָך גיין אַ סדרה פון ווייַנשל און פון פלאַמען, פון עפּל און פון בארן, פון דיניעס און פון קאַוועגעס... איך וועל בעסער איבערלאָזן דאָס געלט, אם ירצה השם, אויף סוכות — זיך קויפן אַ פאָן.

און ס׳איז געבליבן, איך זאָל איבערלאָזן דאָס געלט, אם ירצה השם, אויף סוכות — זיך קויפן אַ פאָן.

ג.

גאָט האָט געהאָלפן, דער סוכות איז געקומען, און איך האָב מיר געקויפט אַ פאָן, אַ גרויסע, אַ געלע, אַ „צווייזייטנדיקע״.

פון איין זייט זיינען געווען אויסגעמאָלט צוויי חיות,

וואָס האָבן געהאַט אַ פּנים פון קעץ, נאָר באמת זיינען זיי לייבן מיט אָפענע מיילער, און מיט לאַנגע צונגען. אויף די צונגען ביי זיי זיינען געווען אַרויפגעטאָן פּייפלאַך, אַפּנים, שופרות, מחמת ס׳איז געשטאַנען אָנגעצייכנט מיט גרויסע אותיות: בחצוצרות וקול שופר.

אונטן, אונטער די לייבן, איז געשטאַנען אויפגעשריבן פון דער רעכטער האַנט: דגל מחנה יהודה, פון דער לינקער האַנט: דגל מחנה אפרים.

באַקומען אַ פאַן, באַדאַרף מען קריגן אַ שטעקל צו דער פאַן.

דאָ מוז מען שוין אָנקומען צו רב זיאַמע דעם סטאָליער, טאַקע דער אייגענער רב זיאַמע, וואָס האָט אַמאָל אונטער גענומען מיך אויסצולערנען רעדן „ווי אַ מענטש“.

— וואָס ווילסטו עפּעס זאָגן, טאַפּעלע טוטערימוטו?

— אַ שטעטל צו דער פאַן...

— וואָס הייסט — זאָגט ער, — אַ שטעטל?

— אַ שטעטל, — זאָג איך, — פון אַ שטיטל האָלץ, מען זאָל טאָנען טראָגן די פאַן.

רב זיאַמע טרייבט מיט מיר אַזוי לאַנג קאַטאָוועס, ביז איך צעוויין זיך. דעמאָלט ווערט ער ווייך, וואַרפט אַוועק אַלע אַרבעטן, נעמט אַ שטיקל האָלץ, אַ שניץ אַהער, אַ שניץ אַהין — פאַרטיק.

אַצינד פעלט מיר אָן עפּל מיט אַ ליכטל, געווייִנטלאַך, פון וואַקס, ניט פון חלב, וואָרים חלב, אַז עס וועט אַרויס-

פאלן אויפן עפּל, איז פאַרפאַלן דער עפּל, מע וועט אים נאָכ־דעם ניט קאָנען עסן... אָבער וואָקס מאַכט ניט אויס, וואָקס איז כשר...

נו, און וואָקס איז דאָך ביי מיר מער, ווי ביי אַלע אינג־לאַך. אדרבה, אַ אינגל, אַז ער באַדאַרף אַ שטיקל וואָקס, צו וועמען קומט ער אָן? צו מיר! וואָרים מיין טאַטע איז דאָך אונטער־שמש אין אונטערשטן קלייזל פון דער קצב'ישער קלויז, איז וואָס עס בלייבט נאָך יום־כּפּור פון די ליכט, גע־הער צו אים — דאָס איז זיין הכנסה. ער שמעלצט דערפון „שמשים" צו די חנוכה־ליכטלאַך, הבדלות און סטאַטשיקעס, און וואָס עס פאַלט אַראָפּ פון די הבדלות מיט די סטאַטשי־קעס — געהער צו מיר — דאָס איז מיין הכנסה. הקיצור, איך האָב אַלצדינג, וואָס מע באַדאַרף!

ד.

אַריינגעזעצט די פאָן אינם שטעקל, אויפגעפּאַסט אויפן שפּיץ אַ רויטן עפּל און אָנגעצונדן פון אויבן דאָס וואָקסנע ליכטל, לאָז איך זיך שמיני־עצרת אויף דער נאַכט אין שול אַריין צו די הקפות לעבעדיק־פריילאַך, ווי אַ גליקלאַכער פרינץ, ווי אַ בן־מלך, וואָס קיינער איז צו אים ניט גלייך.

עס שטעלט זיך מיר פאָר, אַז איך בין שוין אין שול אויבן אויף צופריער, ווי אַ גענעראַל־פעלדמאַרשאַל. נאָך אים — ליכט ברענען. מיין פאָן איז שענער פון אַלע פאָנען. מיין עפּל איז רויטער פון אַלע עפּל. מיין ליכטל איז גרעסער פון אַלע ליכטלאַך. אין שול איז אַן ענגשאַפט, אַ היץ מיט סכנות נפשות, ווייבלאַך און מיידלאַך אַ סך זיינען געקומען קושן

די תורה. אַט גייט רב מלך דער חזן מיטן צעלאָזטן טלית אויף צופריער, ווי אַ גענעראַל־פעלדמאַרשאַל. נאָך אים — די באַלעבאַטים. רב מלך ציקלט זיך און זינגט אויף זיין בלע־כענער שטימע: „עו—זר—ד— — — לים הושיעה נאָ!“ די ווייבלאַך מיט די מיידלאַך שפּרינגען אין פּנים אַריין, קושן די תורות און שרייען מיט אַ קוויטש: „דערלעבט איבער אַ יאָר! דערלעבט איבער אַ יאָר!“ — גם אתם! גם אתם!

נאָר איידער מען קומט צו צום אונטערשטן קלייזל פון דער קצב׳ישער קלויז, דאָרט וואו איך דאַוון, מוז מען דורכ־גיין פאַרביי עטלאַכע שולן און בתי־מדרשים.

פריילאַכער ווי אַלע מאָל איז דאָ סכּות, שמיני עצרת אויף דער נאַכט פאַר די הקפות, בשעת אַלע אינגלאַך פון אַלע חדרים קומען זיך צונויף אַהער מיט די פאָנען. דאָ מושטי־רעוועט מען זיי אויס אויף די כתות: גרויסע אינגלאַך באַזונ־דער און קליינע אינגלאַך באַזונדער. דאָ באַטראַכט מען איינס דעם אַנדערנס די פאָנען, וועמענס שטעקל איז גרעסער, וועמענס עפּל איז רויטער, וועמעס ליכטל איז פון חלב און וועמעס פון וואַקס. דערביי פאַלן געגנוג ווערטלאַך, חכמות און געלעכטערן. איינער טוט אַפּ דעם אַנדערן אַ שפּיצל: ער פאַרלעשט אים דאָס ליכטל אָדער ער גנב׳עט זיך צו און בייסט אים אָפּ דעם עפּל, באַקומט ער אין טאַטנס טאַטן מיט אַ פּאַטש אויף פאַרבייסן — ביז מע צעגייט זיך איטלאַכער אין זיין שול אַריין.

— מזל־טוב! טאָפּעלע טוטעריטוטו האָט אַ פאָן! שלום־עליכם, אַ גוטער איד, אַ האַלבן פּנים אָפּגעבריט...

מיט אזא ברייטן ברוך־הבא האָבן מיך חברה קונדסים באַגעגנט, אַז איך בין געקומען אויפן שול־הויף מיט מיין פאָן.

איך באַטראַכט אַלע פאָנען און וואַרף אַ קוק אויף מיין פאָן — ווער? וואָס? ווען? ווי קומען זייערע פאָנען צו מיין פאָן?

ערשטנס, די פאָן אַליין. ביי קיינעם שטייט זי ניט אַזוי גלייך אַריינגעזעצט אין שטעקל, אַז מען זאָל אַרויסזען ביידע זייטן. ביי קיינעם איז ניטאָ אַזאַ גלייך, קיילעכדיק, געטאָקט שטעקל. ביי קיינעם איז ניטאָ אַזאַ רויטער, גלאַטער עפּל. ביי קיינעם איז ניטאָ אַזאַ שיין געראָטן ליכטל, וואָרים ווער פאַר־מאָגט אַזוי פיל וואַקס ווי איך? ווער האָט געכאַפּט אַזוי פיל פעטש מיט סטוסאַקעס, ווי איך, בשעת דער טאַטע האָט מיך געכאַפּט אין פאַליש אונטער דער באַנק קלייבן די שטיק־לאַך וואַקס פון די צעשמאָלצענע יום־כפּור׳דיקע שטיקלאַך ליכט?... איך מאַך אַ פאַרגלייך צווישן מיין פאָן און צווישן די אַלע איבעריקע פאָנען — און מיין האַרץ ווערט פול מיט גדלות. עס מאָלט זיך מיר אויס, אַז איך וואַקס און וואַקס העכער און העכער, לענגער און ברייטער. די פיס טראָגן מיך. עס גלוסט זיך מיר לאַכן, שרייען, קוויטשען, כאַפּן אַ טענצל...

— אַנו, ווייז נאַר! — רופט זיך אָן צו מיר יואליק דעם נגידס און בלייבט שטיין פאַרגאַפט.

ער באַקוקט מיין פאָן, איך באַקוק זיין פאָן. „אויך מיר אַ פאָן!" — טראַכט איך מיר: — „אויך מיר אַ שטעקל! אויסגעבויגן, גלייך ווי אַ קאָטשערע!" איך זע, אַז ער איז

א געקאַכטער, נאָר איך מאַך זיך ניט ווייסנדיק און קוק כלומרשט אָן אַ זייט.

— קאַפּל! — מאַכט ער צו מיר — וואו האָסטו גענו־מען אַזאַ שיין שטעקעלע?

— האַ? — זאָג איך און דריי זיך אויס צו אים מיטן פּנים.

— וואו האָסטו דערטאַפּט, — זאָגט ער נאָכאַמאָל, — אַזאַ טשאַקנדיק שטעקעלע?

— וואָס איז דען? — זאָג איך צו אים, — ווילסט זיך אפשר בייטן אויף דיין צוויאַק?...

יואליק פאַרשטייט דעם שטאָך. ער טוט אַ גלאַנץ מיט די אייגלאַך, אַ סמאָרע מיט דער נאָז, לייגט אַריין די האַנט אין קעשענע און טרעט אָפּ. איך קוק אים נאָך און קווער, עס קומט מיר צו אַ שטיק געזונט. איך זע ווי ער רופט אָפּ נחמיהן מיטן קרומען פיסל אויף אַ זייט און סוד'עט זיך מיט אים און ווינקט אויף מיר מיט די אויגן. איך זע גאַנץ גוט, נאָר איך מאַך מיך ניט ווייסנדיק. אין אַ מינוט אַרום גייט צו צו מיר נחמיה מיטן קרומען פיסל, האַלט יואליקס פאָן מיטן קרומען שטעקל און רופט זיך אָן צו מיר:

— גיב מיר אָנצינדן דאָס ליכטל, מיינס האָט זיך פאַר־לאָשן.

— ס'איז דען דיין פאָן? — און בייג אים אָן מיין פאָן מיטן ליכטל, — איך ווייס דאָך וועמענס פאָן דאָס איז...

און איידער איך קוק זיך אַרום, טראָגט צו נחמיה זיין אָנגעצונדן ליכטל צו מיין פאָן און מאַכט באורי מאורי האש.

מיין פאַן צינדט זיך אָן, טוט אַ פלאַקער, פּ—פּ—פּו, — אוים פאַן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען עס פאַלט אַראָפּ פון הימל אַ שטיין גלייך מיר אין קאָפּ אַריין; ווען אַ ווילדע חיה פאַלט אָן אויף מיר און וויל מיך פאַרצוקן, אָדער, ווען עס קומט מיר אַנטקעגן אַ מת אום האַלבע נאַכט אין ווייסע תכריכים און וויל מיך וואָרגן — וואָלט מיין שרעק נישט באַדאַרפט זיין אַזוי גרויס, ווי בשעת איך האָב דערזען מיין נאַקעט שטעקל מיט דער אָפּגעבראָכע־נער פאָן. עס האָט זיך אַרויסגעריסן ביי מיר פונם האַרצן אַ געשריי:

— אוי וויי, מיין פאַן; מיין פאַן! מיין פאַן!...

עס האָבן זיך אַ גאָס געטאָן טרערן פון מיינע אויגן. די גאַנצע וועלט איז פאַר מיר געוואָרן פינסטער. דאָס שטעקל מיטן עפּל מיטן ליכטל זיינען אַרויסגעפאַלן פון מיינע הענט, און איך האָב מיך געלאָזט גיין, איך ווייס אַליין ניט וואוהין. איך גיי און גיי און גיס מיט הייסע ביטערע טרערן. איך ברעך די הענט און באַוויין מיין פאַן, ווי מען באַוויינט אַ טויטן, און איך קום צו גיין אַהיים איינער אַליין, אָן אַ פאַן, און איך פאַרקלייב מיך אין אַ ווינקעלע, און אין דער פינסטער זיץ איך, דעם קאָפּ צווישן די קני און וויין שטילערהייט, קיי־נער זאָל ניט הערן. און איך פרעג ביי גאָט אַ קשיה:

— גוואַלד, גוואַלד, רבונו של עולם! פאַר וואָס קומט מיר דאָס? פאַר וואָס און פאַר ווען?!...

שלום עליכם.

# לכבוד שמחת-תורה



שמחת-תורה! שמחת-תורה!
זאָל געהייליקט זיין דער טאָג!
ס'הייסט פאַרגעסן היינט דער בורא
יעדע צרה, יעדן פלאָג!

אין דעם שווערן יאָר דעם גאַנצן
לאָמיר זיין כאָטש איין טאָג יונג.
לאָמיר גלייך, ווי קינדער טאַנצן
אין התלהבות'דיקן רונג!

וואָס געוועזן איז פאַרפאַלן!
ברייטער מאַכט דעם קאַראַהאָד!
ווער ס'איז טרינקען נאָר אַ בעלן,
קומט געשווינט צו אונז אין ראָד.

וואַרפט אַוועק די פוסטע ספקות,
זאָל מען ווייזן, וואָס מ'קען!
האַרציק-אידישלאַך מיט דבקות,
מיטן קנאַק און מיטן ברען!
רוט זיך אָפּ און נעמט אַ כוסה,
פול מיט בראַנפן און מיט וויין!

גיסט-זשע דוקא אָן אַ גרויסע —
ניט געזשאַלעוועט זאָל זיין!

שמחת-תורה, שמחת-תורה,
גרוים און הייליק איז דער טאָג!
הוליעט אַלע, ס'וויל דער בורא
היינט ניט הערן אונזער קלאָג!

ל. ניידוס.



# חנוכה

ווידער ברענט דאָס אַלטע לעמפּל
אויפן הויכן, שיינעם אָרט.
יעדעס הייזל איז אַ טעמפּל,
אַ מזבח פינקלט דאָרט.

וויפיל צייט איז שוין אַריבער —
ס'קלאַפּט די עלטער שוין אין טיר,
נאָר מיר דאַכט זיך, אַז דער ליבער
זיידע ווידער רעדט צו מיר:

„— זעסט מיין קינד? אַכט גרויסע שטערן
גייען אויף אין זיסן פּראַכט,
און די שאָטנס בלייכער ווערן,
העלער ווערט די שוואַרצע נאַכט.

ריין און הייליק, ליב און טייער
דאַרפן אונז אויף אייביק זיין
זייער שטילער, מילדער פייער,
זייער ליכט און זייער שיין;

פאַר אַן אייביקן זכרון
פון דעם נס אין יענע יאָרן,
ווען מיר האָבן מיטן שווערד
אונז די פרייהייט אומגעקערט."

שמעון פרוג.

# דאָס לעצטע מאָל



דרויסן וואָיעט דער ווינט און פייפט, און דער רעגן פּאַטשט אין די שויבן אויף די דאַך־שינד־לאַך — אינעווייניק אָבער, אין דער שטוב, איז ליכ־טיק אין יעדן ווינקעלע, און ליכטיק איז אין דער נשמה.

אין דעם זילבערנעם חנוכה־לעמפּל ברענט שוין דאָס אַכטע ליכטל און ביי אים דערנעבן שטייט איינ־געבוקט און האַלב־פאַרשמאָלצן דער וואַקסענער „שמש" און קנאַקעדיק און שפּריצעדיק פלאַקערט זיין פייערל.

אינם לעדערנעם פאָטער־שטול זיצט די באָבע, יום־טוב׳־דיק אויסגעפּוצט, און די גרויסע אויגן לייכטן. די געלע אַט־לאַסענע בענדער פון דער טיפער הויב פלאַטערן אַראָפּ פונם קאָפּ, די בריליאַנטענע גרויסע אויער־רינגען בליצן אַראָפּ פון די אויערן, און זי זיצט אַלץ פאַר׳חלומ׳ט, און מיר אַלע זיצן אַרום איר, או, איך — אויפן בענקעלע צו אירע פיס, דעם קאָפּ אויף איר שויס. און די אַלטעטשקע זיצט נאָך אַלץ און חלומ׳ט און האַלט די דינע ליפּן פעסט פאַרשלאָסן און נאָר

די גרויסע ערלאַכע אויגן לויכטן. עפּעס ליגט אַ סוד פון גאָט אין די דאָזיקע גרויסע, קלוגע און לויכטנדע אויגן! דער שטערן איז פול מיט קנייטשן, דער רוקן איז איינגעבויגן, די הענט ציטערן, די שטימע ציטערט ווען זי רעדט — און נאָר די גרויסע אויגן ברענען און לויכטן!

וואָס האָבן שוין די דאָזיקע אויגן נישט געזען? וואָס איז פאַר זיי שוין נישט פאַרבייגעגאַנגען זינט זיי שטעקן אינעם קאָפּ פון דער דאָזיקער פרוי?

שטיל! איצט הייבט זי אויף איר מידן און שווערן קאָפּ פון אירע שטומע אומענדלאכע חלומות.

און אין דרויסן וואָיעט נאָך אַלץ דער ווינט און פייפט, אָבער די שטים פון דער אַלטער שטייגט אַריבער דעם ווינט און אירע ווערטער קלינגען קלאָר — און איך זיץ און האָרך.

שטיל. די אַלטע רעדט איצט, און דעם קאָפּ האַלט זי הויך אַרויף!

— קינדערלאַך! איר מיינט דאָך אַוודאי איך וועל אייך דאָ ווידער דערציילן עפּעס אַ מעשה פון חנוכה? איר האָט אַ טעות! חנוכה און וואָס דער רשע אַנטיוכוס האָט געטאָן, קענט איר שוין אַלע! — אָן אַנדערע, אַ נייע מעשה וויל איך אייך דערציילן. עס איז אַ מעשה מיט אַ אידיש אינגל וואָס איז געגאַנגען אין „חדר" אַריין און וואָס האָט אין „חדר" זיך צעוויינט — און נישט ווייל אימיצער האָט אים געשלאָגן, נאָר ווייל דאָס הערצל האָט אים ווי געטאָן און ווייל עס האָט אים ווי געטאָן ביי דער נשמה... עס איז אַ טרויעריקע מעשה...

און פלוצלונג שווייגט די אַלטע און אירע דינע ליפּן שליסן זיך און אויך די ליכטיקע אויגן פאַרמאַכן זיך אויף אַ מינוט — און איך זיץ ביי אירע פיס, דעם קאָפּ אויף איר שוים, און האָרך און האָרך...

---

די הייזער אויף די גאַסן פון ירושלים באָדן זיך אין אַ ים ליכט און דער הימל איז בלוי, אומענדלאַך בלוי, ווייסע קליינע כמאַרעלאַך שלעפּן זיך מיד און פויל אויפן הימל און דורך דעם בלויען, די לופט איז ריין און וואַרים. די ביימער טראָגן גרויסע גרינע בלעטער, און די דאָזיקע בלעטער באַוועגן זיך נישט אין דער ווינט-שטילער לופט.

און אויף די גאַסן שפּילן זיך די קינדער און לאַכן און שטיפן און פרייען זיך: „דער זומער איז דאָ!" — אונטער די פיסלאַך פינקלט דאָס געלע זאַמד, איבער די קעפּלאַך ברענט דאָס גאָלד פון דער זון, און זייערע יונגע הערצעלאַך עפענען זיך ווייט און קלאַפּן און שטורעמען און ווילן שיר נישט צעבראָכן ווערן פון גרוים תענוג...

און פלוצלונג הערן זיי אַ שטימע רעדט צו זיי: „לערנען, לערנען, קינדער! עס איז צייט אין חדר אריין!"

די קינדער קוקן זיך אום. אַן אַלטער הויכגעוואַקסענער מאַן שטייט פאַר זיי מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד און מיט אַן ערנסטער שטרענגער מינע. ווער פון זיי קען נישט דעם דאָזיקן אַלטעטשקן? ווער ווייס נישט, ווער עס איז יוסי בן יועזר פון צרדה?

און וואָס לענגער ער שטייט און באַטראַכט די קינדער,

ווערט אַלץ זיין פּנים מילדער און די אויגן ווערן עפּעס אַזוי ווי פייכטלאַך. „עס זיינען אונז נאָר נאָך די קינדער געבליבן, — רעדט ער שטיל צו זיך אַליין, — עס איז אונז געבליבן נאָר נאָך די איינציקע שטיצע, אויף וועלכע עס לענט זיך אָן אַ גאַנץ פאָלק... מיר האָבן נאָר נאָך די קינדער...“

און ווי אין חלומות פאַרזונקען בלייבט ער שטיין און טראַכט און טראַכט...

וואָס איז פון זיין פאָלק געוואָרן אין די לעצטע יאָרן? אמת, זיין פאָלק וואוינט נאָך אין זיין לאַנד, אין ארץ ישראל, אָבער דאָס דאָזיקע לאַנד איז נישט מער זיין לאַנד; עס גע־הערט איצט כמעט אינגאַנצן שוין דעם גריכישן שטאַטהאַל־טער אַנטיוכוס עפּיפאַנעס, וואָס האַלט איצט מלחמה אין מצרים און האָט דאָ אַוועק געזעצט זיין שטעלפאַרטרעטער דעם רשע אַנדרוניקוס, און דער דאָזיקער שטעלפאַרטרעטער רעגירט דאָ מיט אַ טיראַנישער מאַכט און וואָרצלט אויס מיט זיין גאַנצער קראַפט דעם רעשט פונם אידישן גייסט און וויל פון ארץ־ישראל איינציקווייז מאַכן גריכנלאַנד.

— מיר האָבן נאָר נאָך די קליינע, געבליבן איז אונז נאָר נאָך דער נייער דור — האָט ער געשעפּטשעט צו זיך אַליין, און זיין פּנים איז ווידער געוואָרן ערנסט און שטרענג, און אויפן קול האָט ער ווידער געזאָגט: „לערנען, לערנען, לער־נען, קינדער! עס איז צייט אין חדר אַריין!“

און די אינגלאַך כאַפּן זיך און לויפן איילנדיק, און מער פון אַלע איילט זיך דער קליינער יועזר, יוסים אינגסטער זון.
די זון אָבער לייכט היינט אַזוי פאַרפירעריש, אַז נישט

אַזוי לייכט גייט מען אַרוים פון דער פרישער שמעקעדיקער לופט, וואָס פליסט אונטער דעם בלויען הימל, אום צו קומען אין אַ „חדר" אַריין! לוסטיק און מיט לייכטע געדאַנקען קומט דער קליינער יועזר איבער דער בריק און שטעלט זיך אָפּ אויף אַ מינוט. עפּעס איז דאָרט אַ קרעמל פון אַ גריכע מיט פרישע נייע שפּילצייג, און דאָס קינד גלאָצט אויס די אויגן און בלייבט שטיין פּאַר זיי ווי צוגענאָגלט. באַלד אָבער באַווייזט זיך אויפן שוועל פון דער קראָם אַ גריכישער קנעכט, וואָס זידלט אָן דאָס קינד, און דאָס אידישע קינד לויפט אין איין אָטעם ווייטער.

און איבער דעם יהושפט-פּלאַץ לויפט ער און איבער דער אַנטיוכוס-בריק און איבערן וואַש-פּעלד, ביז ער קומט אָן אויפן אַנדרוניקוס-מאַרק. דאָ און דאָרט שטעלט ער זיך אָפּ, די קאָסטבאַרקייטן צו באַטראַכטן, מיט וועלכע די גריכן האַנד-לען, זאַכן פון אָטען און פון ספּאַרטאַ און פון ביצאַנץ: גאָלד-סאַנדאַלן, פּערל-שנירלאַך, און זילבערנע שטערן; באַלד זעט ער אויך פאַרשידענע שפּיל-פיגורן, פערדלאַך, הינטלאַך און מענטשלאַך געמאַכט פון האָלץ און פון שטיין און פון גיפּס, און דאָס אַלץ בליצט אינם זונענשיין, אַז מען קען די אויגן פון זיי נישט אַראָפּנעמען. פּלוצלונג אָבער דערמאָנט ער זיך, אַז ער האָט קיין צייט נישט, און ער לויפט ווידער אין איין אָטעם...

פּלוצלונג ווערט דער קליינער יועזר טרויעריק: ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין „חדר".

אָבער זיינע פיס זיינען ווי צוגענאָגלט און ער קען פון

אַרט נישט אַוועק, און זײַנע אויגן זײַנען אײַנגעגראָבן אין דער אַרענאַ. אָט זײַנען צוויי נײַע אינגלאַך, אָט זײַנען פרײַ־שע טענץ, אָט זײַנען פרישע קונצשטיקלאַך! און זײַן קלײַ־נער יצר־הרע האַלט אים אָנגעבונדן צום אָרט און לאָזט אים נישט אַוועק. עס איז אַ שעה אַוועק, עס זײַנען צוויי דרײַ שעה אַוועק, און נאָך אַלץ שטייט דאָס אינגעלע אויפן פּלאַץ הינטער דעם בית־המקדש.

די זון שטייט שוין אין דער מיטן פונם הימל.

אַ גרויסע שרעק באַפאַלט פּלוצלונג אָן דעם קלײנעם יועזר: מער ווי אַ האַלבער טאָג איז שוין אַוועק, און ער איז נאָך נישט אין „חדר" געווען. וואָס וועט דער „רבי" אים זאָגן? ווי וועט ער אים מקבל זײַן ביים אַרײַנקומען אין „חדר"? — און ער שטעלט זיך פאָר פּלוצלונג דעם רבין מיט דעם שטרענגען ערנסטן געזיכט און מיט דער שטרענגער ערנ־סטער שטימע...

און דאָס קינד הייבט אָן צו לויפן, ווי אַ פײַל פון בויגן.

און אינם לויפן יאָגן אים נאָך אַלע יענע ערשײַנונגען וואָס ער האָט געזען אין דער אַרענאַ: נאַקעטע אינגלאַך און מיידלאַך, טענץ און אַטלעטן־קונצן, ברעכן זיך און וואַרפן זיך, מוזיק און רוישנדע פּויקן; און פון דעם אַלעם אַרויס הערט זיך די בייזע שטימע פון זײַן רבין און זײַנע אויגן דערבליקן דאָס פינסטערע פּנים אויך ווען זיי זײַנען גע־שלאָסן... און אַזוי לויפט ער אָן אָטעם, וויפל די פיס קע־נען אים טראָגן, און אַזוי קומט ער אויך ביז צום געסל, וואו דעם רבינס „חדר" איז. זײַן געמיט אָבער איז זייער אויפגע־

רעגט, און ער שטעלט זיך אַ מינוט אָפּ פאַרן „חדר" און ווישט זיך דעם שווייס פונם פּנים, און הערט זיך איין ווי דאָס הערצל קלאַפּט. נאָך אַ מינוט און זיין האַנט האַלט שוין די קלאַמקע פון דער טיר, און אַ מינוט שפּעטער איז ער שוין אינם „חדר" דרינען.

און אַ פינסטערער שווערער אומעט פאַלט אים אָן און זיינע פיס ווערן אים שווער ווי בליי.

וואָס איז דאָס? — אַ טויט שטילקייט ליגט היינט אויס־געגאָסן אויפן „חדר", און אַ טיפע שוואַרצע טרויעריקייט בליקט אַרויס פון יעדן ווינקעלע; די אינגלאַך זיצן שטום און שטיל און באַוועגן זיך נישט, מען עפנט קיין מויל נישט און מען קוקט איינער דעם אַנדערן נישט אָן — דאָס „חדר" איז עפּעס גאָר נישט דאָס, וואָס אַלעמאָל.

און דער רבי שטייט אָנגעלענט אויף דער קאַטעדרע; זיין קאָפּ רוט אויף זיין ברייטער האַנט און די אויגן זיינען פאַרמאַכט. שטיל הייבט ער פּלוצלונג אויף דעם קאָפּ און ער דערבליקט דעם קליינעם יועזר.

— מיין זון! דו ביסט היינט שפּעט געקומען, זייער שפּעט, אָבער גוט אַז דו ביסט געקומען.

וואָס זאָל דאָס באַדייטן? די שטימע איז אַזוי ווייך און די ווערטער זיינען אַזוי מילד, און די דאָזיקע ווערטער גראָבן זיך אַזוי טיף איין אין דעם קליינעם יונגן הערצל. ווען האָט דער רבי צו אים אַזוי גערעדט? פון וואַנען האָט זיך גענומען דאָס דאָזיקע טרויעריקע אין דער שטימע און די דאָזיקע מילדקייט און ווייכקייט? — אין דער דאָזיקער מינוט האָט

עס דעם קליינעם יועזר אמת׳דיק באנק געטאָן, פאַרוואָס ער איז אַ האַלבן טאָג פוסט און פאַסט אַרומגעגאַנגען און איז אַזוי שפּעט געקומען...

— מיין קינד! — האָט דער רבי ווייטער גערעדט און זיין שטימע האָט געציטערט, — נעם דיין ספר און זאָג דיין פסוק... ווייל... ווייל ווייסן מוזטו... היינט איז דאָס לעצ־טע מאָל... מאָרגן וועט מען נישט מער לערנען אויף העב־רייאיש.

און זיין שטימע האָט זיך שיר נישט געשטיקט פון טרערן. די קינדער איז אַ ציטער אַריבער איבערן לייב, זעענ־דיק זייער רבין, דעם דאָזיקן פעסטן שטאַרקן מענטשן, ווײ־נענדיק ווי אַ קינד...

— אונזער לעצטע קויל האָבן זיי איצט פאַרלאָשן! אונזער שפּראַך האָבן זיי אונז אַוועקגענומען! — זאָגט איצט דער רבי און קען זיך פון וויינען נישט איינהאַלטן. — וואָס זאָלן מיר איצט מיט אונזערע שעפעלאַך מאַכן? ווי אַזוי וועלן אונזערע קינדער איצט ווייסן און ווי וועלן זיי קע־נען ווייסן וואָס זייער פאָלק איז געווען און וואָס זיין גייסט און זיין גרויסקייט און זיין געשיכטע איז געווען?!...

און מיט דער האַנט ווישט ער זיך איבער די אויגן — און די קינדער אַרום הייבן אָן צו וויינען.

און שטילער און טרויעריקער פון אַלע וויינט איצט דער קליינער יועזר און זיין האַרץ צעגיסט זיך שיר וועגן די זינד וואָס ער האָט היינט געזינדיקט... ער האָט געפילט, אַז ער איז אין איין מינוט געוואָרן אַן אַנדערער.

— דאָס איז דאָס לעצטע מאָל! מאָרגן וועלן מיר אויפ־הערן צו לערנען אונזער תורה! — הערט זיך איצט דעם רבינס שטימע צום דריטן מאָל, אָבער זיין שטימע קלינגט נישט מער ביטער, נאָר קלינגט אַזוי ווייך און פול מיטלייד, אַזוי ווי ער וואָלט זאָגן די ווערטער: מאָרגן ווערט אָפּגע־מעקט אַ גאַנצע וועלט, און אַ גאַנצע וועלט וועט זיין וויסט און ליידיק...

און די אינגלאַך כאַפּן זיך צו די ספרים.

און ווי דער קליינער יועזר האָט זיין ספר גענומען פאַר זיך, האָבן אים זיינע קליינע הענטלאַך געציטערט און זיינע אויגן האָבן זיך געבאָדן אין טרערן. נאָך קיינמאָל נישט האָט ער זיין שיעור מיט אַזאַ חשק געלערנט, נאָך קיינמאָל נישט האָבן זיך די ווערטער אַזוי טיף אין זיין האַרץ איינגעגראָבן ווי היינט!

היינט ווערט אַ שפּראַך אַריינגעלייגט אין קבר! היינט ווערט אַ פאָלק אויסגעראָטן פון צווישן די פעלקער! היינט ווערט אַ לאַנד אָפּגעמעקט פון צווישן די לענדער פון דער ערד!

און דער קליינער יועזר וויים און פאַרשטייט דאָס אַלץ...

און דער רבי רעדט צו אים אַזוי ווייך און זיין שטימע איז אַזוי מילד און זיין בליק איז אַזוי גוט און זיין ערקלערונג איז אַזוי זיס, און ווי געטלאַכע סודות שטייגן־אויף פון די פירקאַנטיקע אותיות, אַלעכע ווי ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געוואוסט און פאַרשטאַנען...

און וואָס מער דער רבי רעדט צו אים אַזוי לייכט און

ווייך, פליסן אַלץ די טרערן פונם קינד מער און מער און דאָס יונגע הערצל צעגיסט זיך שיר נישט פאַר ווייטיק, און ער ווייס נישט וואָס אים איז...

די זון איז אונטערגעגאַנגען. אין „חדר" ווערט אַלץ פינ־סטערער, און עס הערט זיך נישט מער ווי די ציטערדיקע שטימע פונם רבין לערנענדיק היינט די תורה צום לעצטן מאָל...

און פאַר דער טיר הערן זיך טריט פון פאַרבייגייענדיקע מענטשן, וואָס רעדן גריכיש, און די וועלט דרויסן איז פריי־לאַך און לוסטיק...

---

דאָס ליכטל אינם חנוכה־לייכטער איז שוין לאַנג פאַר־לאָשן.

אינם לעדערנעם פאָטער־שטול זיצט נאָך די באָבע, און האַלט די הענט אויף אירעביידע אויגן און שווייגט. — דרויסן האָט דער ווינט אויפגעהערט וואָיען און פייפן, און נאָר דרינען ליגט אַ שווערער טרויעריקער נעפּל אויסגעגאָסן איבער דער גאַנצער שטוב.

דוד פרישמאַן.

# די חנוכה ליכט

פארלאָשן זיינען מיינע שטערן
און פינסטער איז די לאַנגע נאַכט;
דאָך הייבט מיר ליכטיק אָן צו ווערן,
ווען כ'צינד די ליכטלאַך אָן, די אַכט!

מיין מאַכט און שטאָלץ איז לאַנג אַריבער,
דער ווילדער שונא שפּאָט און לאַכט;
עס לעבט דאָך אויף דער אַלטער גיבור
ווען כ'צינד די ליכטלאַך אָן, די אַכט!

עס שטומען אַלע מיינע לידער
פון גבורה, העלדנטאַט און מאַכט;
דאָך קלינגען זיי אין האַרץ מיר ווידער,
ווען כ'צינד די ליכטלאַך אָן, די אַכט!

אַן אַלטע טרער מיין אויג פאַרטונקלט
און האָט עס שיר ניט בלינד געמאַכט;
דאָך זעט, ווי העל צוריק עס פינקלט,
ווען כ'צינד די ליכטלאַך אָן, די אַכט!

אברהם רייזען.

# חנוכה שפּיל

— קינדער! הערט, וואָס כ׳וועל אייך פרעגן, —
האָט געזאָגט אונז נחום מענדל
חיים בערס, אַ יונג מיט ביינער
און דערצו אַ קלוגער קאָפּ:

— פּורים־שפּיל איז פון פאַרצייטנס
דאָ ביי אונז; דאָס גאַנצע שטעטל
קאָכט און אַרבעט, ברענט און פלאַקערט,
אַ יאַריד, אַ טאַראַראַם!

קומט אַ חנוכה — איז גאָר ניט;
אָפּגעבענטשט די ליכטלאַך, לאַטקעס
אָפּגעגעסן, מיטן דריידל
אָפּגעדריידלט און אַ סוף.

סטייטש, מיט וואָס איז, זאָגט מיר, ערגער
נעבאַך, חנוכה פון פּורים?
און פאַרוואָס ניט מאַכן טאַקע
אויך אויף חנוכה אַ שפּיל?

„וואָס? איר מיינט מען דאַרף דאָ עפּעס
גרויסע חכמות? גאָרניט, נעמט אונז
ווי מיר שטייען דאָ, איז האָט איר גאָר
אינגאַנצן, גיך און גוט:

איך וועל זיין דער מלך־יון,
דו, אברהמ׳ל, שפּילסט, למשל,
מתתיהו כוהן־גדול,
און יונים וועלן זיין:

חיים, טאָדרעס, איצע, בערקע,
חנה, נחמן, פּיצע, שמערקע,
עוזר, לייזער, גרשון־בער
ווער עס וויל, אַבי וואָס מער.

„דאַרף מען וואָס? אַ פּאָן? אַ קיצור —
צו אַ לאָפּעטע אַ פּראָסטער
בינדט מען צו אַ טלית־קטן,
פּאָך מיט אים און שריי: הוראַ!

הייבט זיך אידן! אַ מפּלה
אויפן יון! איינגעזונקען
זאָל ער ווערן!... האַ? וואָס ווייטער?
בגדים פרעגט איר? אויך אַ זאָרג!

איך, למשל... ס׳איז אַ פּענדל
דאָ ביי אונז פון רויטן קופּער
מיט אַ שפּיציכיקן הענטל,
כ׳טו עס אָן, פּאַרוויקל זיך

פון דער נאָז און ביז די פּיאַטעס
אין אַ קאָלדרע אַ רויטער

און, פאַרשטייט איר? אַט־אַ בין איך
אַנטיוכוס אויסגעטאַקט.

איר, יונים סיהייסט סאָלדאַטן,
טוט זיך אָן אין קליידלאַך, קאַפּטעס,
ווי דער מנהג איז ביי גרעקן;
שטעקנס, קאַטשערעס און העק

„וועלן זיין ביי אייך כלי־זיין.
סמירנאָ!... שאַגאַם... מאַרש!... פאַרשטאַנען?
דו אַברהמ׳ל — מתתיהו —
נעם ביים טאַטן דעם כאַלאַט

מיט די קוטאַסן, אַ בגד
פאַר אַ כוהן־גדול — פשוט
אויסגעגאָסן; דאַרף מען בעסערס?
אָן אַנטיק — אי ברייט, אי לאַנג.

„חוץ דעם, ברודער, נעם אַ גרויסן
לאַנגען, שאַרפן מעסער, מחמת,
ווי דו ווייסט דאָך, דאַרפסטו דאָרטן
שטעכן יונס קאָמאַנדיר.

שטעל דיר פאָר: דער ילד אין גרויסע,
לאַנגע שטיוול, מיט אַ קעסל
אויפן קאָפּ, מיט לאַנגע וואָנצעס,
מיט אַ שפּיז אין האַנט... און דו —

„טוסט אַ שפּרונג, לויפסט צו — „דו גזלן!“
שרייסטו — „דו רוצח איינער!
ווילסט מען זאָל אויף גאָט פאַרגעסן?
אויפן גרויסן, שטאַרקן גאָט,

„וועלכער האָט פון לאַנד מצרים
אונז דערלייזט, דעם ים געשפּאָלטן
און אַריינגעפירט דאָס ליבע
פאָלק ישראל אין אַ לאַנד,

„וועלכעס טריפט מילך און האָניק,
בליט מיט באָקסערן און מאַנדלען, —
זאָלן מיר אויף אים פאַרגעסן?
צו דיין געטשקע בוקן זיך?

„כורעים פאַלן פאַרן חזיר,
וואָס דו ברענגסט אים פאַר אַ קרבן?
האַ? דאָס פאָדערסטו? דאָס ווילסטו?
ניין, אַ מכה דיר אין האַלז!

„נאַ דיר, נאַ, ימח-שמוניק!“
און אַ שטאָך אים מיטן מעסער
גלייך אין בויך אַריין!... פאַרשטייסטו?
די יונים בלייבן שטיין

אויף אַ רגע, ווי פאַרגליווערט...
נאָר דערזעענדיק דעם גיבור

מיט די וואָנצעס, ווי ער אַקערט,
גראַבלט מיט דער נאָז די ערד,

„כאַפּן זיי זיך אויף און לויפן
הענדום-פּענדום... אַ בהלה,
אַ דערשטיקעניש... עס פליען
קלעפּ ווי האָלץ... עס קאַכט, עס זידט...

„דער מזבח קערט זיך איבער
אויף אַ זייט... דער חזיר כרוקעט,
קוויטשעט!...
שטייט נאָר... וואַרט אַביסל!..."

נחום מענדל שטעלט זיך אָפּ,
טוט אַ רייב דעם שטערן — הערסטו? —
מאַכט ער, — גאָר נישט נאַריש, כ׳לעבן,
אַ מזבח מיט אַ חזיר...

גוט, נאָר, אָבער אַז אַזוי
הייסט עס, דאַרף מען דאָך אַ חזיר,
ווער־זשע וועט דעם חזיר שפּילן?...
בערקע! הער, דו ביסט אַ נפש

מיט אַ געמבע, האָסט אַ קוויטש
במתנה פון זיין ליבן
נאָמען, — אַי, אַ קוויטש! ס׳איז ממש
אַן אַנטיק; דער גרעסטער חזיר
איז אַ הונט אַנטקעגן דיר,

נעם־זשע, בערקע־לעב, די ראָלע,
שעם זיך ניט, פאַר אַ דבר־מצוה
מעג מען, ברודערקע...
נאָר בערקע
ווערט צעקאָכט: „אָ, גיי אין דר'ערד!“—

שרייט ער אוים — ווער איינגעזונקען
מיט דעם גאַנצן שפּיל אינײַנעם!
הערסט אַ פּלאַן? אַ שיינעם כבוד
גיט ער מיר — אַ חזיר זיין!“

קורץ דערציילן, וויפיל אינגלאַך
ס'זיינען דאָרטן ניט געוועזן,
קיינער האָט דעם חזיר שפּילן
בשום אופן ניט געוואָלט.

ליבע ברידער, ווי כ'דערצייל אייך,
איז צו נישט געוואָרן אונזער
שפּיל אויף חנוכה, פאַרפאַלן
נחום מענדלס גאַנצער פּלאַן.

שמעון פרוג.



# יהודה המכבי

אין האַרץ די ליבע צו זיין בורא,
אין האַנט די שווערד, טרעט אויף אין פעלד
זיין פאָלק צו רעטן און זיין תורה —
ירושלימס לעצטער העלד.

געשטיצט אויף גאָט, דעם גאָט פון גבורה,
מאַרשירט ער קעגן שונאס מאַכט;
ער קוקט מיט שפּאָט דעם טויט אין צורה,
און ציט מיט זיכערקייט אין שלאַכט.

מיט חוצפה פון אַ ווילדן טיגער,
מיט שטאַרקייט פון אַ יונגן לייב,
דערשיינט אין פעלד ער צווישן קריגער,
דערלאַנגט יהודה זיך אַ הייב.

אָט ברומט דער פיינט פון אַלע זייטן,
חילות פיל, ווי זאַמד און ערד;
פון נאָענטן קומען זיי און ווייטן,
צו פוסן און אויף שטאַרקע פערד.

דאָך שלאָגט דער העלד דורך ווייטע מיילן
זיך דורך און שניידט דעם פיינט צו דר׳ערד;
דורך וואָלקנס שטויב און ימים פיילן,
בליצט דורך יהודהס שאַרפע שווערד.

גיבורים שטוינען פאַר זיין ליאַרעם,
אויף גאַנצע מחנות פאַלט אַ שרעק;
די ליבע מאַכט דעם האַס אים וואַרים
און זיין נקמה האָט קיין פלעק.

נו, ליגט דער שונא פון די אידן,
און ער, דער פרומער פעכטער, רוט,
דער קאַמף איז אויס, דער זיג אַנטשידן,
גערעכנט איז ישראלס בלוט...

מאָרים ראָזנפעלד.

# חנוכה־געלט



ר ע פ ט , קינדער, וואָסער יום־טוב איז דער בעסטער פון אַלע יום־טובים?

חנוכה.

אַכט טעג כסדר נישט גיין אין חדר, עסן לאַטקעס מיט שמאַלץ, שפּילן אין דריידל און באַקומען פון אַלע זייטן חנוכה־געלט — נו, באַדאַרף מען אַ בעסערן יום־טוב?

ווינטער. דרויסן איז קאַלט, דער פראָסט ברענט מיט סכנות; די פענסטער זיינען פאַרקאָוועט, באַדעקט מיט שניי, צעמאָלט אויפן שענסטן אַרט, און אין שטוב איז וואַרים — מחיה־נפשות. דאָס זילבערנע חנוכה־לעמפּל שטייט צוגע־גרייט נאָך פון בייטאָג. דער טאַטע גייט אום איבער דער שטוב, די הענט אַרונטער, און דאַווענט מעריב. אויסגעשטאַ־נען שמונה־עשרה, נעמט ער אַרויס פון טישקעסטל אַ וועקסן ליכטל (דעם שמש), און זאָגט צו אונז, צו מיר און מיין אינ־גערן ברודער מאָטל:

— רופט אַריין די מאַמע, לאָז זי גיין הערן בענטשן חנוכה־ליכטלאַך.

איך און מיין ברודער מאָטל לאָזן זיך לויפן ביידע, איינס איבערן אַנדערן.

— מאַמע! גיכער, חנוכה־ליכטלאַך!

די מאַמע וואַרפט אַוועק אַלע אַרבעט אין קיך (מע האָט

געקוילעט גענז, מע פרעגלט שמאַלץ, מע האָט געדעשטשי־
נעט לאַטקעס) און לאָזט זיך לויפן אין שטוב אַריין, און נאָך
איר — ברײנע די קעכין, אַ שוואַרצע אידענע מיט וואָנצעס,
מיט אַ פעט פנים און מיט תמיד פעטע אויסגעשמירטע הענט.
די מאַמע שטעלט זיך אַוועק אין אַ זייט און מאַכט אַ פרום
פנים, און ברײנע די קעכין בלייבט שטיין ביי דער טיר, ווישט
די הענט אינם קויטיקן פאַרטוך, טוט אַ שמיר מיט דער פע־
טער האַנט איבער דער נאָז פון אונטן אַרויף און לאָזט איבער
אַ שוואַרצן צייכן איבערן גאַנצן פנים. מיר זיינען שטאַרקער
פון אייזן, איך און מיין ברודער מאָטל, אַז מיר האַלטן זיך
איין און שיסן נישט אויס קיין געלעכטער.

דער טאַטע גייט צו מיטן אָנגעצונדענעם שמש צום
חנוכה לעמפל, בייגט זיך אָן און מאַכט די ברכה מיטן באַ־
קאַנטן ניגון: „ברוך אתה!" און לאָזט אויס: „להדליק נר
של חנוכה!"

די מאַמע ענטפערט: "אָמן", און ברײנע שאָקלט מיטן
קאָפּ און מאַכט בשעת־מעשה אַזעלכע פּיסקעס, אַז איך און
מיין ברודער מאָטל האָבן מורא אַ קוק טאָן איינס אויף דעם
אַנדערן.

דער טאַטע שפּאַצירט אַרום הין און צוריק איבערן זאַל,
קוקט אויפן חנוכה־לעמפל, זאָגט און זאָגט און הערט גאָר־
נישט אויף צו זאָגן. מיר וואָלטן וועלן, עס זאָל שוין נעמען אַ
סוף, ער זאָל זיך שוין נעמען צו דער קעשענע, צום בייטעלע.
מיר ווינקען זיך איבער, שטופּן אונטער איינס דעם אַנדערן:
— מאָטל, גיי צו, זאָג אים חנוכה־געלט.

— וואָס עפּעס איך זאָל זאָגן חנוכה־געלט?

— אַזוי, וואָרים דו ביסט קלוגער, באַדאַרפסטו בעטן חנוכה־געלט.

— טאָמער פאַרקערט, דו ביסט עלטער, באַדאַרפסטו בעטן חנוכה־געלט?

דער טאַטע הערט גאַנץ גוט, אַז מיר רעדן פון חנוכה־געלט, נאָר ער מאַכט זיך, ווי ער הערט ניט. שטיל, נישט גע־כאַפּט, גייט ער צו צום טישקעסטל און ציילט געלט. עס גייט אונז איבער אַ קליין פרעסטל איבערן לייב, עס ציטערן די הענט, עס קלאַפּט דאָס האַרץ. מיר קוקן אויף דער סטעליע, קראַצן זיך אונטער דער פּאה, מאַכן זיך כלומרשט קאַלט־בלוטיק, גלייך ווי ניט אונז מיינט מען.

דער טאַטע טוט אַ הוסט.

— הם... קינדער, קומט נאָר אַהער.

— האַ? וואָס איז?

— נאַט אייך חנוכה־געלט.

באַקומען אונזער חנוכה־געלט, לאָזן מיר זיך גיין, איך און מיין ברודער מאָטל, פריער פּאַוואָליע, ווי די סטאַטיקעס, און נאָכדעם — גיכער און גיכער, מיט אַ שפּרונג אונטער און מיט אַ טענצל. און ביז מיר קומען אין אונזער חדר׳ל אַריין קאָנען מיר זיך ניט איינהאַלטן, קוליען זיך איבער דריי מאָל מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף, שפּרינגען אויף איין פוס און זינגען אונטער:

ענגע, בענגע,
סטופּע, צענגע,

ארצע, בארצע,
גאלע, שווארצע.
איימעלע, ריימעלע,
בייגעלע, פייגעלע —
האפ!

און פאר גרויס שמחה און התפעלות גיבן מיר זיך אליין צו צוויי פעטש אין די באקן.

עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אריין דער פעטער בעני.

— חברה פלעצל, אייך קומט חנוכה־געלט!

דער פעטער בעני לייגט אריין די הענט אין זשילעט־קעשענע, נעמט ארויס צוויי זילבערנע גילדן און גיט אונז חנוכה־געלט.

## ב.

קיינער אין דער וועלט וועט ניט זאגן, אז דער טאטע און דער פעטער בעני זיינען ברידער. דער טאטע — א הויכער, א דארער, דער פעטער בעני — א קורצער, א גראבער; דער טאטע — א מרה־שחורה׳דיקער, א שווייגער, דער פעטער בעני — א פריילאכער, א רעדנער. טאג מיט נאכט, זומער און ווינטער — און דאך אייגענע ברידער.

דער טאטע נעמט ארויס א בויגן פאפיר, צעווירעט אויף קעסטעלאך, שווארצע און ווייסע, הייסט אריינטראגן פון קיך פאסאלעס, שווארצע און ווייסע — דאס וועט זיין א דאמינע.

די מאַמע איז אין קיך, פּרעגלט שמאַלץ און באַקט לאַט־קעס. איך מיט מיין ברודער מאָטל שפּילן אין דריידל; און דער טאַטע מיטן פעטער בעני זעצן זיך אַוועק שפּילן אין דאָמינע.

— איין זאַך וועל איך ביי דיר בעטן, בעני — בלא חרטה ובלא דריי, דאָס הייסט: אַ גאַנג זאָל זיין אַ גאַנג! — זאָגט דער טאַטע.

— אַ גאַנג איז אַ גאַנג, — זאָגט דער פעטער בעני און גייט אַ גאַנג.

— אַ גאַנג איז אַ גאַנג, — זאָגט דער טאַטע און שלאָגט אָפּ דעם פעטער בענים אַ ציגל.

—אַ גאַנג איז אַ גאַנג, — זאָגט דער פעטער בעני און שלאָגט אָפּ דעם טאַטנס צוויי ציגלאַך.

וואָס ווייטער־ווייטער לאָזן זיי זיך אַריין אין דעם שפּיל אַלץ טיפער, קייען בשעת־מעשה די בערד, טרייסלען מיט די פיס אונטערן טיש און זינגען שטילערהייט ביידע איין לידל.

— אוי, וואָס טוט מען, וואָס טוט מען, וואָס טוט מען?

— זינגט דער טאַטע מיט אַ ניגון פון דער גמרא און קייעט איין עק באָרד. — זאָל איך גיין אַהער? — וועט ער גיין אַהין. וועל איך גיין אַהין? — וועט ער גיין אַהער. באַדאַרף מען בעסער גיין אַזאַ גאַנג!

— אַזאַ מין גאַנג, אַזאַ מין גאַנג! — העלפט אים אונ־טער דער פעטער בעני מיטן זעלבן נוסח.

— וואָס־זשע באַדאַרף איך מורא צו האָבן? — זינגט דער טאַטע ווייטער. — טאָמער שלאָגט ער מיר אָפּ יענס

ציגל? — וועל איך ביי אים צונעמען צוויי ציגלאך. אי, וואס? טאמער מיינט ער מיר שלאגן דריי ציגלאך?

— דריי ציגלאך, דריי ציגלאך, דריי ציגלאך. — העלפט אים אונטער דער פעטער בעני.

— אוי, ביסטו א טיפש, בעני, א טיפש און א גרויסער!

— זינגט דער טאטע און גייט א גאנג.

— ביסט אליין א טיפש, מיין ברודער, און נאך א גרע־סערער! — זינגט דער פעטער בעני און גייט א גאנג און פארכאפט זיך באלד צוריק.

— פע, בעני, מיר האבן דאך גערעדט, א גאנג איז א גאנג! — זאגט דער טאטע שוין אן א ניגון און כאפט דעם פעטער בעני פאר דער האנט.

— א גוטער משל! — זאגט דער פעטער בעני, — כל־זמן איך האלט אין מיטן א גאנג מעג איך גיין וואוהין איך וויל.

— ניין! — זאגט דער טאטע, — א גאנג איז פארפאלן! מיר האבן דאך עפעס געשמועסט, בעני, בלא חרטה, בעני, בלא דריי!

— חרטה? — זאגט דער פעטער בעני, — וויפיל מאל מאכט זיך, אז דו האסט חרטה?

— איך? — זאגט דער טאטע, — ע, בעני, דערפאר האב איך דאך פיינט מיט דיר צו שפילן אין דאמינע!

— ווער־זשע נייט דיך, זאלסט מיט מיר שפילן?

— שוין? מען קריגט זיך שוין איבער א פאסאלקעלע?

— רופט זיך אן די מאמע און קומט אן פון קיך מיט א פאר־

פלאַמט פּנים, און נאָך איר — ברײנגע מיט אַ גרױסן פּאַלו־
מעסיק מיט הײסע לאַטקעס מיט שמאַלץ. פֿון די לאַטקעס
זעצט אַ פּאַרע. אַלע לאָזן זיך צום טיש. איך און מײן ברודער
מאָטל, װאָס האָבן זיך פֿריער אַביסל געקריגט, געריסן װי די
קעץ, בעטן זיך גיך איבער, װערן שלום און זעצן זיך צו די
לאַטקעס מיט גרױס כונה.

ג.

בײנאַכט אױפֿן געלעגער ליג איך און טראַכט: װיפֿיל
קאָן זיך אַ שטײגער בײ מיר צונױפֿקלײבן, אַז אַלע פֿעטערס
מיט אַלע מומעס מיט אַלע קרובים װעלן מיר געבן חנוכה־
געלט? ראשית־חכמה, דער פֿעטער משה־אהרן, דער מאַמעס
ברודער, אַפֿילו זײער אַ קאַרגער, נאָר אַ נגיד. נאָכדעם דער
פֿעטער איצי און די מומע דבֿורה, װאָס דער טאַטע און די
מאַמע זײנען מיט זײ ברוגז שױן פֿון כּמה וכּמה יאָרן. הײנט
דער פֿעטער בײנוש און די מומע יענטע? הײנט װאו איז
אונזער שװעסטער אײדל? און איר מאַן שלום־זײדל? און
אַלע איבעריקע קרובים?

— מאָטל, דו שלאָפֿסט?

— יאָ, װאָס איז דען?

— װיפֿיל, מײנסטו, װעט אונז געבן דער פֿעטער משה־
אהרן חנוכה־געלט?

— פֿון װאַנען זאָל איך װיסן? איך בין דען אַ נבֿיא?

אין אַ מינוט אַרום:

— מאָטל, דו שלאָפֿסט?

— יאָ, װאָס איז דען?

— עמיצער האָט אַזוי פיל פּעטערס מיט אַזוי פיל מו־
מעס, ווי מיר ?

— אָדער יאָ, אָדער ניין.

אין צוויי מינוט אַרום :

— מאָטל, דו שלאָפסט ?

— יאָ, וואָס איז דען ?

— וויבאַלד דו שלאָפסט, הײַנט ווי אַזוי רעדסטו צו מיר ?

— דו פרעגסט דאָך מיך, מוז איך דיר ענטפערן.

אין דריי מינוט :

— מאָטל, דו שלאָפסט ?

— טססס — טררר — כיל כיל כיל — טססס...

מאָטל כראָפּעט, כאָרכלט, פייפט מיט דער נאָז, און איך זעץ מיך אויף אויף מיין בעטל, נעם אַרויס מיין קערבל, גלעט דאָס, באַטראַכט דאָס.

דאַכט זיך, וואָס ? — טראַכט איך מיר, — אַ שטיקל פּאַפּיר, און וואָס קאָן מען דערפאַר קויפן ? צאַצקעס, מעסער־לאַך, שטעקעלאַך, בייטעלאַך, ניס און קאָנפעקטן, און ראַ־זשינקעס, און באָקסערן, און וואָס ניט ?

איך באַהאַלט דאָס קערבל צוקאָפּנס אונטערן קישן און לייען אָפּ קריאת־שמע, קומט אַריין ברײַנע פון קיך מיט אַ פולן פּאָלומעסיק מיט קערבלאַך... ברײַנע גייט ניט, נאָר זי שוועבט אין דער לופטן, זינגט „הנרות הללו שאנו מדליקין“, און מאָטל שלינגט קערבלאַך, ווי די האַלישקעס.

„מאָטל ! — שריי איך מיט אַלע כוחות, — גאָט איז מיט דיר, מאָטל וואָס טוסטו ? קערבלאַך ???...“

איך כאַפּ זיך אויף און שפּיי אוים דריי מאָל: „טפו־טפו־טפו — אַ חלום!“

און ווער אַנטשלאָפן.

## ד.

אויף מאָרגן אינדערפרי אָפּגעדאַוונט און איבערגעביסן, טוט אונז אָן די מאַמע אין קעצענע טולופלאַך, וויקלט אונז איין אין גרויסע וואַרימע שאַלן, און מיר לאָזן זיך גיין נאָך חנוכה־געלט, פריער פון אַלעמען, געוויינטלאַך, צום פעטער משה־אהרן.

דער פעטער משה־אהרן איז אַ איד נישט קיין געזונטער, האָט צו טאָן שטענדיק מיטן מאָגן; ווען מען קומט, טרעפט מען אים לעבן האַנטפאַס ווישן זיך די הענט.

— אַ גוט מאָרגן, פעטער משה־אהרן! — שיסן מיר אוים ביידע מיט אַמאָל, איך און מיין ברודער מאָטל, און עס קומט אַנטקעגן די מומע פעסל אַ אידענע אַ קליינינקע, איין אויג אַ שוואַרץ, דאָס אַנדערע אַ ווייס, דאָס הייסט, איין ברעם אַ שוואַרצע, די אַנדערע אַ ווייסע. די מומע פעסל טוט אונז אוים די טולופלאַך, וויקלט אונז אוים פון די שאַלן און שנייצט אונז אוים די נעזער אין איר פאַרטוך.

— שנייצט אוים! — זאָגט די מומע פעסל, — גוט, גוט שנייצט אוים! זשאַלעוועט ניט! נאָך! נאָך! אָט אַזוי!...

און דער פעטער משה־אהרן, אין אַן אַלט קעצן כאַלאַטל, מיט אַ וואַטאָווער יאַרמולקע אויפן קאָפּ, מיט וואַטע אין די אויערן און מיט אויסגעקראַכענע וואָנצעס, שטייט ביים

האַנטפֿאַס, ווישט זיך די הענט, קנייטשט מיטן פּנים און פֿינטלט מיט די אויגן.

איך און מיין ברודער מאָטל זיצן אין געהאַקטע וואָונדן. עס פֿאַלט אויף אונז אָן אַ פּחד, אַ קעלט, אַלע מאָל, ווען מיר קומען אַהער. די מומע פּעסל זעצט זיך אַוועק אַקעגן אונז, לייגט צונויף די הענט אויפֿן הארצן און נעמט אונז צום עק־זאַמען:

— ס'מאַכט דער טאַטע?

— גאָרניט.

— ס'מאַכט די מאַמע?

— גאָרניט.

— געקוילעט גענז?

— געקוילעט.

— געפּרעגלט שמאַלץ?

— געפּרעגלט.

— געבאַקן לאַטקעס?

— געבאַקן.

— דער פֿעטער בעני געווען?

— געווען.

— געשפּילט אין דאָמינאָס?

— געשפּילט.

און אַזוי ווייטער.

— משה־אהרן, מען באַדאַרף זיי עפּעס געבן חנוכּה־געלט.

דער פֿעטער משה־אהרן הערט ניט; ער ווישט זיך די הענט און לאָזט אויס מיט אַ קוועטש: „ומפליא ל־ע־שות!“

די מומע פעסל פוילט זיך ניט דערמאָנען אים נאָכ־
אַמאָל און רופט זיך אָן צום פעטער משה־אהרן:

— די קינדער חנוכה־געלט!

— האַ? וואָס? — מאַכט דער פעטער משה־אהרן און
לייגט איבער די וואַטע פון איין אויער אינם אַנדערן.

— די קינדער חנוכה־געלט! — שרייט אוים די מומע
פעסל אים גלייך אין אויער אַריין.

— אוי, דער בויך! דער בויך! — מאַכט דער פעטער
משה־אהרן און כאַפּט זיך מיט ביידע הענט ביים בויך. —
חנוכה־געלט ווילט איר? וואָס דאַרפן קינדער געלט? וואָס
וועט איר טאָן מיטן געלט? האַ? אויסגעבן, צעטרענצלען,
האַ? וויפיל האָט אייך געגעבן דער טאַטע אייערער חנוכה־
געלט? האַ?

— מיר אַ קערבל, — זאָג איך — און אים אַ האַלבם.

— אַ קערבל?!! הם... מע באַלעוועט קינדער, מע
מאַכט פון זיי אַ תל! וואָס וועסטו טאָן מיטן קערבל? —
האַ? צעבייטן? האַ? זאָלסט עס ניט צעבייטן! דו הערסט,
וואָס איך זאָג דיר? זאָלסט דאָס ניט צעבייטן! צי אפשר
ווילסטו דאָס צעבייטן, האַ?

— ניט צעבייטן, יאָ צעבייטן, וואָס גייט דאָס דיך אָן?
— מישט זיך אַריין די מומע פעסל. גיב זיי אָפּ זייערס און
לאָז זיי גיין געזונטערהייט.

דער פעטער משה־אהרן גייט אַוועק צו זיך אין חדר,
שאַרעוועט מיט די שקראַבעס, זוכט אין אַלע טישקעסטלאַך

מיט אַלע שופלעדלאַך, קראַצט אויס פון דאָרטן עטלאַכע מטבעות און רעדט צו זיך אַליין:

— הם... מע פירט איבער קינדער, מע מאַכט פון זיי אַ תל, אַ תל־עולם!

און ער רוקט אונז אַריין אין האַנט עטלאַכע האַרטע מטבעות. די מומע פּעסל שנייצט אונז אויס די נעזער נאָכאַמאָל (דאָס לעצטע מאָל), טוט אונז אָן די טולופּלאַך, און וויקלט אונז איין אין די גרויסע וואַרימע שאַלן. מיר כאַפּן די פּיס אויף די פּלייצעס און לויפן אַהיים.

מיר לויפן איבערן ווייסן, געפרוירענעם, סקריפּענדיקן שניי, און ציילן די האַרטע מטבעות, וואָס דער פעטער משה־אהרן האָט אונז אַריינגערוקט, און מיר קאָנען זיי ניט איבערציילן. די הענט זיינען אונז געפרוירן, רויט, און אָנגעדראָלן; די מטבעות זיינען קופּערנע, גרויסע, שווערע מטבעות, עפּעס זעקסערס פּאַרצייטיקע, דרייערס מאָדנע אָפּגעריבענע, גראָשנס אַלט פרענקישע, געשוואָלענע, פאַרגרינטע — ס'איז שווער, אוממעגלאַך אויסצורעכענען אין דרויסן אויפן פראָסט וויפיל דער פעטער משה־אהרן האָט אונז געגעבן חנוכה־געלט!...

## ה.

— אַנו, מאָטל, לאָמיר זיך אָקאָרשט נעמען צו דער אַרבעט, אויסצורעכענען, וויפיל האָבן מיר אונזער אייגנס חנוכה־געלט? נאָר ווייסטו וואָס? דו שווייג. פריער וועל איך איבערציילן מיינס, נאָכדעם וועסטו ציילן דיינס.

און איך צייל: „אַ קערבל מיט דריי צוואַנציקער, מיט פיר גילדן, מיט פינף גריוועגעס, מיט זעקס פיטאַקלאַך, — וויפיל מאַכט דאָס אינייגעם? אַפּנים, אַזוי גרויס, ווי אַ קערבל מיט דריי צוואַנציקער מיט פיר גילדן, מיט פינף גריוועגעס, מיט זעקס פיטאַקלאַך"...

מיין ברודער מאָטל וויל נישט וואַרטן, ביז איך וועל ענ־דיקן מיין חשבון, און ער נעמט זיך צו זיינע קאַפּיטאַלן; ער לייגט פון איין האַנט אין דער אַנדערער און ציילט:

— אַ צוואַנציקער און אַ צוואַנציקער, איז צוויי צוואַנצי־קער, און נאָך אַ צוואַנציקער איז דריי צוואַנציקער. און צוויי גילדן איז דריי צוואַנציקער מיט צוויי גילדן און אַ גריוונע און נאָך אַ גריוונע און נאָך אַ גריוונע — איז אינייגעם צוויי צוואַנציקער מיט דריי גילדן, מיין איך דריי גילדן מיט צוויי צוואַנציקער' טפו! וואָס רעד איך? מע באַדאַרף אָנהייבן נאָכאַמאָל פונם אָנהייב.

און ער הייבט אָן נאָכאַמאָל פונם אָנהייב. מיר ציילן און ציילן און קאָנען ניט איבערציילן; מיר רעכענען און רעכע־נען און קאָנען ניט אויסרעכענען. און אַז עס קומט צום פע־טער משה־אהרנס אַלטע פיטאַקעס, שווערע זעקסערס, אָפּ־געריבענע דרייערס און אָנגעשוואָלענע גראָשנס, פּאַרפּלאָנ־טערן מיר זיך אַזוי שטאַרק אין חשבון, אַז מיר ווייסן שוין גאָרניט, וואו מיר זיינען אין דער וועלט. מיר פּרובירן זיך אויסבייטן די דאָזיקע מטבעות ביי דער מאַמען, ביים טאַטן, ביי ברײנע די קעכין — עס גייט ניט; קיינער וויל זיי ניט נעמען אין האַנט אריין!

— וואָס איז דאָס פאַר פּיטאַקעס? ווער האָט דאָס אייך אָריינגעדרוקט אַזאַ געלט?

מיר שעמען זיך אויסזאָגן און מאַכן אַ שוויַיג.

— ווייסטו גאָר וואָס? זאָגט צו מיר מיַין ברודער מאָטל, — לאָמיר זיי נעמען און אַריינוואַרפן אין אויוון אַריין, אָדער גאָר אין דרויסן אויפן שניי, קיינער זאָל ניט זען.

— אַ חכם, אַ איד! — זאָג איך צו אים, — שוין גלייַכער, דאַכט זיך, אַוועקשענקען זיי צו אַן אָרימאַן.

נאָר, ווי אויף צו-להכעיס, קומט ניט קיין אָרימאַן! וואו זיינען אַהינגעקומען אַלע אָרימעלייט, וואָס רייסן ביי די פּאָלעס, דינגען זיך, זידלען זיך און שעלטן?

שלום עליכם.



# גענוג געגראַגערט

.1



יך געדענק, ווען איר בין צו מיין שכל געקומען און האָב דאָס ערשטע מאָל באַטראַכט די וועלט, האָב איך אויף איר געקוקט מיט אַזוינע גוטע אויגן, מיט אַזאַ גוט האַרץ, זי אַזוי ליב באַקומען, אַז אַלץ וואָס איך האָב אין דער וועלט געזען, איז מיר געפעלן. די זון, די לבנה, די פעלדער און וועלדער, די מענטשן מיט אַלע באַשעפענישן, וואָס פליען אין דער לופט און וואָס גייען און קריכן אויף דער ערד, האָבן אַלע צו מיר אויך געקוקט מיט אַ פריינדלאַכן שמייכל, פול מיט ליבע, און מיך גערופן זיך שפּילן מיט זיי, מיין האַרץ האָט זיך שטענדיק צו זיי געצויגן און געצויגן... און עס האָט זיך מיר נאָר געוואָלט טאַנצן, שפּילן, לאַכן און לעבן.

נאָר פּלוצלונג בין איך געוואָר געוואָרן, אַז איך האָב שונאים, ניט קיין געוויינטלאַכע, נאָר דם-שונאים אויפן לעבן. דערפון האָב איך זיך דערוואוסט נאָך דאַן, ווען איך בין נאָך גאָר אַ קינד געווען, איידער איך בין נאָך אין חדר געגאַנגען.

איך געדענק, עס איז געווען אַ כמאַרנער טאָג, אַ נאַסער שניי איז געלעגן אויף דער ערד, אַ קליין פרעסטעלע האָט נאָך געהאַלטן. איך האָב געזוכט ביי אונז אויף דעם הויף אַ שטיקל פאַרפראָרן אָרט וואו צו גליטשן זיך, ווייל מיין מאַמע האָט

מיך ווייטער פון אונזער הויף ניט ארויסגעלאזט. דער גליטש איז שוין ניט אזוי גוט און טרוקן געווען ווי פריער מיט עט־לאכע וואכן, נאר איך גליטש זיך פון דעסטוועגן פריילאך און לאכנדיק. מיין געלעכטער דערהערט די מאמע און זי רופט מיך, איך זאל אריינגיין אין שטוב.

— היינט פאסט ניט זיך גליטשן, — זאגט מיר מיין מאמע.

איך קוק מיך אום אויף איר און זע, ווי מיין מאמעס שיין געזיכט איז בלאס. איך האב זיך דערשראקן, ניט ווינסדיק וואס איז אזוינס געשען.

— וואס איז, מאמע? — האב איך דערשראקן געפרעגט.

— וואס ביסטו אזוי בלאס?

— היינט איז אסתר־תענית, איך פאסט, אלע פאסטן, נאר קליינע קינדער עסן; היינט וועט דער טאטע אויך ניט קומען צו מיטאג...

— פארוואס, מאמע?

— עס איז געווען א רשע, המן האט ער געהייסן, וואס האט אלע אידן געוואלט אויס׳הרג׳ענען, אינגאנצן פארטי־ליקן דאס פאלק ישראל. מרדכי, וואס איז געשטאנען ביים טויער פון מלך אחשורוש האט זיך פון דער שרעקלאכער גזרה דערוואוסט, האט ער צעריסן זיינע קליידער און אנגע־טאן א זאק, און דעם קאפ באשאטן מיט אש. ווען אסתר המלכה האט דאס געהערט, האט זי געזאגט צו מרדכי׳ן: גיי נעם צונויף אלע אידן, און פאסט אלע פון מיינעטוועגן דריי טעג און דריי נעכט, און איך מיט מיינע דינסטן וועלן אויך

פאסטן און וועל גיין צום קעניג אחשורוש בעטן פאר מיין פאלק.

די מאמע האט מיר ווייטער געוואלט דערציילן, נאר אונ־זער דינסט האט זי גערופן פון דער קיך, ווייל דארט האט מען נאך אלץ געבאקן „פורים־גרייט" מיט „המן־טאשן".

— איך האב קיין צייט ניט, מיין קינד, דאס פורים־גרייט קען נאך פארברענט ווערן... שפעטער... דער טאטע וועט קומען וועט ער דיר דערציילן...

איך בין געבליבן אין שטוב אליין מיט מיינע געדאנקען. די געשיכטע מיט דעם שונא־ישראל האט מיך שרעקלאך פארדראסן. ווי קומט צו אונז אזא שונא? פארוואס זאל ער אונז פיינט האבן? איך האב אזוי יעדן ליב... וואס האט דער המן געהאט צו אונז, פארוואס האט ער אונז געוואלט אוים־הרג'ענען, פארוואס דארף נעבאך מיין גוטע מאמע ניט עסן, זיין בלאס, טרויעריק, פארוואס וועט דער טאטע היינט ניט קומען צו מיטאג? פארוואס לאזט מען מיך זיך ניט גליטשן? איך בין אין כעס אויף דעם המנ'ען און האב אים שרעקלאך פיינט געקראגן. יעדעס מאל ווען איך האב דעם טאג געזען די מאמע טרויעריק מיט א בלאס געזיכט און מיט ווייסע ליפן, האט מיין הארץ געציטערט פון גרוים כעס אויף דעם שונא־ישראל.

דעם גאנצן טאג האב איך זיך ארומגעדרייט טרויעריק און מלא־רציחה אויף המנ'ען.

פארנאכט איז דער טאטע געקומען און צו מיר געזאגט:

— טו זיך אן אויף גיך, מיר וועלן באלד גיין קלאפן

המנ׳ען — און מיר אין דער האַנט געגעבן אַ געווער: אַ נייעם בלישטשענדיקן, בלעכענעם „גראַגער“.

איך האָב זיך אינגאַנצן אָנגעצונדן פון פרייד, וואָס איך וועל זיך קאָנען נוקם זיין אָן דעם שונא־ישראל און מיט אַ גע־שריי פון שמחה האָב איך אָנגעהויבן אין דער לופטן פרואוון מיין גראַגער... ער שרייט... ער גראַגערט... ער קלאַפּט... ער שלאָגט... איך בין נאָך פעסטער און שטאַר־קער ביי זיך געוואָרן און מיט גיכע, איילנדיקע טריט בין איך געלאָפן מיט דעם טאַטן זיך נוקם זיין אָן שונא...

.2

די שול איז געווען באַלויכטן און אָנגעפּאַקט מיט אידן, און איך מיט נאָך פיל אינגלאַך האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף די בענק. אַלע מיט גראַגערס אין די הענט. פון מיינע חברים האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מען וועט באַלד לייענען פון אַ פּאַפּיר אַ גאַנצע מגילה און ווען מען קומט צו המנ׳ען, דאַרף מען קלאַפּן, שלאָגן.

— איך וועל שטאַרק קלאַפּן! — האָט זיך איינער באַ־רימט און אַ מאַך געטאָן מיט דעם גראַגער אין דער לופטן.

— אָ, איך וועל נאָך שטאַרקער קלאַפּן! האָט זיך אַ צוויי־טער אָנגערופן און אַ טופּע געטאָן מיטן פוס.

אַלע האָבן דאָס זעלבע געטאָן און די באַנק האָט געצי־טערט.

דער שמש האָט געגעבן אַ פּאַטש אין טיש. עס איז גע־וואָרן שטיל. איינער האָט אָנגעהויבן לייענען. מען לייענט און מען לייענט, עס איז שטיל... די גראַגערס ציטערן גרינג

אין אונזערע הענט, מיר שטייען קוים איין, מיר קענען זיך ניט איינהאלטן און מיר רייסן זיך מיט אונזער געווער צום שונא. יעדע מינוט, יעדע סעקונדע זיינען מיר גרייט אַנהייבן קלאַפּן המנ׳ען, נאָר עס איז שטיל און מען לייענט ווייטער... איך הער זיך צו צו יעדן שאָרך, איך לאָז ניט אַראָפּ די אויגן פון מיינע חברים און פון זייערע גראַגערס... איך זאָל גלייך מיט זיי אָנהייבן שלאָגן דעם שונא. זיי קוקן אויך איינער אויף דעם אַנדערן און אויף מיר, יעדער וויל זיין דער ערש־טער... קיינער וויל ניט זיין דער לעצטער... און צו אונ־זער גרויס פרייד דערהערן מיט אַ געשריי, דעם לאַנג ער־וואַרטעטן „המן!“ אונזערע הענט האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן. עס איז געוואָרן אַ שרעקלאַך גערויש פון דעם גראַגערן און פון דעם קלאַפּן מיט די פיס. דאָס בלוט האָט אין מיר אָנגע־הויבן קאָכן און לויפן אין פּנים אַריין... ווייטער אַ געשריי „המן!“ און מיר כאַפּן זיך ווידער צו אונזער געווער, דער רעש איז נאָך גרעסער. נאָך אַ מינוט... טראַך! — ווייטער „המן!“... אַלע מינוט „המן!“ און „המן!“ מיינע הענט אַר־בעטן מיט אַלע קרעפטן... אַפילו אַלטע אידן קלאַפּן המנ׳ען מיט די פיס... און אַט זיינען געקומען אַלע שונאי־ישראל מיט איין מאָל, המן מיט אַלע זיינע צען זין... גיך... גיך... לויפן זיי אָן... דער רעש מיט דעם געפּילדער פון קלאַפּעריי און גראַגעריי איז אָן אָן אויפהער... מיר אַרבעטן שוין מיט די לעצטע קרעפטן... מיר כאַפּן קוים דעם אָטעם, מיר פילן ניט די הענט... מיר זעען גאָרנישט... מער נישט ווי אַ גרויסער רעש און טומל און קלאַפּן, גראַגערן, שרייען, לאַכן,

אלע קולות פארמישן זיך צוזאמען און עס הודעט און צי־
טערט די לופט...

.3

נאך דער מגילה... מיינע באקן ברענען, מיינע אויגן פלאקערן, מיין גראגער טראג איך אהיים צעבראכן... מיינע הענט סקאליעטשעט... מיינע פיס טוען מיר וויי... נאר איך בין פריילאך... זיך נוקם געווען אן אונזערע שונאים, גוט זיי אנגעקלאפט... פאר מיין טאטן, פאר מיין מאמען און פאר מיינע ברידער.

נאך אזוי פיל גראגערן, קלאפן און ארבעטן, בין איך די גאנצע נאכט זיס און געשמאק געשלאפן.

מ. ספעקטאר.




ב.אראנסאן.

# דער שלח־מנות־טרעגער

צעקאַכט, פאַרמאַטערט און צעהיצט,
דאָס נעזל גלאַנצט, דער שטערן שוויצט,
עס לויפט דער פורים־יעגער —
דער שלח־מנות־טרעגער!

ער האַלט אַ טעלערל אין האַנט.
איך שריי אים: „שטיי!“ — ווי צו דער וואַנט.
ער לויפט, ער פליט אַלץ ווייטער —
כאַטש יאָג אים נאָך אַ רייטער.

ניטאָ קיין צייט, ניטאָ קיין צייט,
דער טאָג איז קורץ, דער וועג איז ווייט.
אוי, שלח־מנות טראָגן —
אַ שפּילעכל צו זאָגן!
מען זעט ניט ווי עס פליט די צייט,
די שטאָט איז גרויס, דער וועג איז ווייט.

שמעון פרוג



# ביים קעניג אַחשורוש



אַז איך בין געווען אַ קליין אינגל — ווייסט איר וועמען איך האָב מקנא געווען? אחשורוש׳ן.

נישט יענעם אחשורוש׳ן, וואָס האָט געקעניגט פון הודו ביז כוש, אויף הונדערט זיבן און צוואַנציק מדינות. איך מיין קאָפּל דעם שניידער מיט דער גילדענער קרוין... דאָס הייסט, מיטן פּאַפּירענעם ספּאָדעק, און מיט דער לאַנגער גילדענער רוט און בעזעם.

אויך מרדכי דעם שני למלך (לוי דעם שוסטער) מיט דער איבערגעקערטער קאַפּאָטע אויף דער לינקער זייט און מיט אַ קלאָטשקעוואַטער פלאַקסענער באָרד, האָב איך שטאַרק מקנא געווען.

איך האָב מקנא געווען ושתי המלכה׳ן (מאָטל דעם סטאָלער) מיטן קליידל אויף דער קאַפּאָטע און מיט דער פּאַטשיילע, וואָס ער פלעגט זיך אונטערבינדן דאָס בערדל מע זאָל מיינען אויף אים, אַז ער איז אַ נקבה... און וואָס איז אָפּגעגאַנגען, אַ שטייגער, אסתר־המלכה׳ן (עוזר דעם אונטער־שמש) מיטן גרינעם פאַרטוך? און וואָס איז אָפּגעגאַנגען המן (יאָסקע דעם באַהעלפער) מיטן שאַרבן אויפן קאָפּ?...

נאָר מער פון אַלעמען האָב איך מקנא געווען פייוול דעם יתום, וואָס פלעגט זיך אָנטאָן אין אַ רויט העמדל, זיך פאַר־שטעלן פאַר „יוסף הצדיק" בשעת חברה האָבן געשפילט יע־נע שיינע שפּיל, וואָס ווערט אָנגערופן „מכירת־יוסף". זיינע ברידער פלעגן אים אַראָפּרייסן דאָס רויטע העמדל, אַריינ־וואַרפן אים אין „לייבן־גרוב", און יוסף הצדיק (פייוול, הייסט דאָס) פלעגט זיך אָוועקשטעלן אויף די קני, צונויפלייגן די הענט און באַשווערן די חיות־רעות, זיי זאָלן צו אים קיין שליטה נישט האָבן און זינגען בשעת־מעשה זייער אַ טרויע־ריק ליד, וואָס די ווערטער זיינען זיך צעגאַנגען אין יעדן אבר.

און כאָטש יוסף הצדיק איז געווען אַ יתום, אַן אָרים־בחור'ל, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין אונטערשטן קלייזל און געלעבט פון אַ „פאָלג מיך אַ גאַנג", און כאָטש איך בין געווען אַ נגידס אַ אינגל, דעם זיידן רב מאירס אַן אייניקל, פונדעסטוועגן וואָלט איך זיך מיט אים געביטן נאָר צוליב דעם איינעם טאָג פּורים אַליין.

אז ס'איז געקומען דער גוטער, דער ליבער טאָג פּורים, האָב איך פון גאַנץ פרי אָן שוין אַרויסגעקוקט אויף דער „חברה", וואָס גייען פון שטוב צו שטוב און אַ גאַנצע כאַ־ליאַסטרע אינגלאַך לויפן זיי נאָך פון הינטן מיט באַרוועסע פיס אויפן שניי. פאַרוואָס קען איך ניט זיין אין דער כאַ־ליאַסטרע? ניין! איך טאָר ניט, וואָרים איך בין אַ נגידס אַ אינגל און דעם זיידן רב מאירס אַן אייניקל, באַדאַרף איך ליגן

ווי אַ הונט אַ גאַנצן טאָג אין שטוב און גיין מיט אַלע גרויסע צום זיידן רב מאיר צו דער סעודה.

— וואָס דרייסטו זיך, ווי אַ דייטש אויפן קאָרעק? — מאַכט צו מיר דער טאַטע, בשעת מיר גייען אַלע אינייִנעם צום זיידן ר׳ מאיר צו דער סעודה, און איך דערזע פון דער ווייטן די „כאַליאַסטרע“.

— ביסט שוין קיין עין־הרע אַ היפּש אינגעלע, קאָנסט גיין אַ ביסל גיכער, — זאָגט די מאַמע, — אם ירצה השם שבת הגדול, ווערסטו דאָך אַכט יאָר, ביז הונדערט און צוואַנציק.

— טשעפּעט אים ניט, ער האָט דערזען די „קאָמעדיאַנטשיקעס“! — רופט זיך אָפּ מיין עלטערער ברודער משה׳לע, וואָס איז אַליין אויך אַ בעלן זיך אָפּשטעלן אָנקוקן די „קאָמעדיאַנטשיקעס“.

— גיי, גיי, — מאַכט צו מיר דער רבי, רבי איצע, מיין מלאך־המות, און דערלאַנגט מיר אַ שטורך פון אונטן.

איך לאָז אַראָפּ די אויגן אין דער בלאָטע און גיי גלייך מיט אַלע, פאַרטיפט אין אומעטיקע מחשבות, טרויעריקע געדאַנקען: „תמיד מיט אַלע גרויסע! שטענדיק מיטן רבין!... אינדערפרי און ביינאַכט, און שבת און יום־טוב!...“

ב.

דער זיידע רב מאיר איז דער גרויסער גביר פון שטאָט. ער זיצט ווי אַ מאָנאַרך. אַ גרויסער זאַל מיט אַ גרויסן זילבערנעם הענגלייכטער, וואָס הענגט אַראָפּ פון דער מיט סטע-

ליע. טאַמביקענע העסעם אויף די ווענט. אַ גרויסע, שווערע זילבערנע מנורה אויפן טיש מיט אַ סך זילבערנע לייכטער, וואָס די באָבע נחמה נעמט זיי אַרויס נאָר צוויי מאָל אין יאָר: פסח צום סדר און פורים צו דער סעודה, און עס ווערט ליכטיק אין אַלע ווינקעלאַך.

גאַנץ אויבנאָן, אויף אַ גרויסער שטול מיט גרינס באַצויגן, זיצט דער רב מאיר אַליין, — אַ קליין אידל, מיט אַ שיטער בערדל, מיט אַ ביסל אַן אַנגעבויגענער נאָז, מיט זילבערנע האָר און מיט שוואַרצע יונגע אויגן. אָנגעטאָן גייט ער אין אַ לאַנגער זיידענער קאַפּאָטע מיט אַ געפלאָכטענעם גאַרטל און מיט אַ שטריימל אויפן קאָפּ. אַקעגן אים אויפן טיש זיצט אַ גרויסער, אַ מוראַ׳דיקער, אַ געפלאָכטענער פורים-קוילינטש, אַן אָנגעהויבענער שוין, מיט זאַפראַן פאַרגעלט און מיט ראָזשינקעס אַרומגעשטעקט.

פונקט אין מיטן טיש זיצט די באָבע נחמה, אַ הויכע אידענע, נאָך גאָר אַ שיינע. אויסגעפּוצט אין אַ גאָלד-פאַרביק זיידן קלייד מיט ווייסע שפּרענקעלאַך. לעבן איר שטייט אַ גאַנץ גרויסער פאַלומעסיק, מיט הייסע, שמעקנדיקע, געצוקערטע און געפעפערטע פיש, פאַרפּראַוועט מיט ציבעלעס, מיט ראָזשינקעס און מיט אַלערליי געווירצן. די באָבע טיילט אַרום די פיש, די שיינע, זיידענע פאַטשיילע פאַרקאַטשעט הינטער די אויערן מיט צוויי שפּיצן, די דימענטן מיט די בריליאַנטן בשעת-מעשה פינקלען און שעמערירן, און דאָס פּנים שיינט און שמייכלט.

אַרום און אַרום טיש פון ביידע זייטן זיצן די פעטערס

מיט די מומעס. אַלע מיט זייערע קינדער, אינגעלאַך און מיי־
דעלאַך, וואָס הייסן נאָך אַלציינע זיידעס און באָבעס, פעּ־
טערס און מומעס. פריער דער פעטער צדוק און די מומע
צביה מיט דריי אינגעלאַך: משה׳לע, הערשעלע, וועלוועלע,
און צוויי מיידעלאַך: שרה׳לע און פייגעלע. נאָכדעם דער
פעטער נפתלי און די מומע דבורה מיט פיר אינגעלאַך:
משה׳לע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, און דריי מיידע־
לאַך: שרה׳לע, פייגעלע, רחלע. נאָכדעם דער פעטער
אַברהם און די מומע סאָסיע מיט פינף אינגעלאַך: משה׳לע,
הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, יענקעלע, און פיר מיידלאַך:
שרה׳לע, פייגעלע, רחלע, טייבעלע. נאָכדעם דער פעטער בע־
ריש און די מומע אסתר׳ל מיט זעקס אינגלאַך: משה׳לע,
הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, יענקעלע, פישעלע, און פיר
מיידלאַך: שרה׳לע, פייגעלע, רחל׳ע, טייבעלע און חנצע.
נאָכדעם פעטער בנימין און די מומע לאה מיט זיבן אינג־
לאַך: משה׳לע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, יענקעלע,
זישעלע, שמואל׳יק, און זעקס מיידלאַך: שרה׳לע, פייגעלע,
טייבעלע, רחל׳ע, חנצע און גנענדל. נאָכדעם דער פעטער
קלמן און די מומע איטל מיט אַכט אינגלאַך...

צונויפגעקליבן זיך אַלע צו דער סעודה, זעצט דער זיידע
אַליין אוים דעם גאַנצן טיש. דער זיידע רב מאיר האָט ליב,
ס׳זאָל זיין שיין און ריין און ציכטיק און מיט אַ סדר — עס
קומט אוים גוט: אַ פעטער זיצט לעבן אַ פעטער, אַ מומע
לעבן אַ מומע, און אונז קליינוואַרג, צוזעצט מען אוים אַזוי,
אַז ס׳זאָל אויסקומען נישט אַ ברודער מיט אַ ברודער און אַ

שוועסטער מיט אַ שוועסטער, מחמת אייניקע קאָנען נישט הויזן צווישן זיך; לכן באַדאַרף זיצן אַ פרעמדער משה'לע מיט אַ פרעמדן הערשעלע; און אַ פרעמדער הערשעלע מיט אַ פרעמדן וועלוועלע, און אַ וועלוועלע מיט אַ נאָטעלע, אַ נאָטעלע מיט אַ יענקעלע, אַ יענקעלע מיט אַ פישעלע, אַ פי־שעלע מיט אַ שמואליק. און די מיידלאַך אויך אַזוי: אַ שרה'לע מיט אַ פייגעלע, אַ פייגעלע מיט אַ רחל'ע, אַ רחל'ע מיט אַ טייבעלע, אַ טייבעלע מיט אַ חנצע, אַ חנצע מיט אַ גנענדל, אַ גנענדל מיט אַ שרה'לע, אַ שרה'לע מיט אַ פייגעלע און אַזוי ווייטער. נאָר מיר האָט ניט געסטאַיעט אַ פּאָרל, האָט מען מיך אַוועקגעזעצט מיט מיין מלאך־המות, דעם רבין רב איצע. דער רבי, רב איצע, איז ביי מיר נישט נאָר אַ מלמד, אַ לערער אַליין, נאָר אויך אַ מדריך, אַ וועגווייזער, אַ מין גובערנאַנטקע אויף צו לערנען מיך דרך־ארץ, ווי אַזוי צו זיצן ביים טיש און ווי אַזוי צו עסן.

— אַז דו זיצט ביים טיש, — אַזוי האָט מיך געלערנט מיין גובערנאַנטקע רב איצע — זאָלסטו זיצן ווי אַ מענטש. דו זאָלסט קוקן גלייך, און די הענט זאָלסטו האַלטן אונטערן טיש און נישט רעדן ביים עסן. און אַז דו עסט לאָקשן מיט יויך זאָלסטו אָננעמען מיטן לעפל פונקט אַזוי פיל לאָקשן, וויפיל יויך; אַ זופּ יויך און אַוועקגעלייגט דעם לעפל און אָפּגעווישט די ליפּן; און ווידער אַ זופּ יויך און ווידער אַוועקגעלייגט דעם לעפל און ווידער אָפּגעווישט די ליפּן; ניט כאַפּן איין לעפל נאָכן אַנדערן, ווי אַ גוי...

שושנת יע—ע—ע—קב!

אזוי הייבט אָן דער זיידע צו זינגען מיט זייער אָן אָנ־געגעמער שטימע תיכף נאָכן ערשטן גלעזל וויין און קנאַקט צו בשעת מעשה מיטן פינגער, און דער גאַנצער עולם כאַפּט אונטער:

צהלה ושמחה.

אויף אַלערליי קולות, אַלע מאָל העכער און העכער.

ג.

— געקומען די פורים־שפּילער! — רופט זיך אָפּ תנחום דער משרת.

דערהערט פורים־שפּילער, שפּרינגען מיר, קליינוואַרג, אַלע אין איין רגע אַרויס פונם טיש און מיר שטייען שוין אַלע אַרום דעם קעניג אַחשורוש'ן מיט דער גילדענער קרוין.

— גוט יום־טוב! — שיסן אויס די חברה מיט אַמאָל גאַנץ פריילאַך, און מען שטעלט זיך אויס אין צוויי צײלן. אויף אַ גילדענער שטול זיצט דער קעניג אחשורוש און עס טרעט אַרויס אויף איין פוס ממוכן (חיים שמייסער), זינגט אַ דייטשיש לידל:

בין איך ממוכן פון די אחשתרנים,
נאָך גאָר אַ יונגער האָר —
דאָס זעט איר אין מיין פּנים.

— דו ביסט יוסף הצדיק? — רוף איך מיך אָן צו פּייוול דעם יתום, וואָס שטייט ביי דער זייט מיט אַן אויסגעשמירט פאַריאָמערט פּנים.

— יוסף הצדיק, — מאַכט צו מיר פּייוול.

— דו וועסט אויך שפּילן? — פרעג איך אים.

— אַז מען וועט מיר הייסן שפּילן, וועל איך שפּילן, — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק און בייגט זיך אָן צו מיר אויפן אויער, — גיב מיר אַ שטיקל קוילעטש פון אייער פּורים־קוילעטש.

— מען וועט דערזען, וועט מען זיך בייזערן — מאַך איך צו אים שטילערהייט.

— שלעפּ אַוועק אַזוי, אַז קיינער זאָל ניט זען, — זאָגט ער צו מיר און די אויגן בלישטשען.

— גנב׳ענען? — זאָג איך.

— דאָס הייסט ניט גנב׳ענען, — מאַכט ער.

— וואָס דען הייסט עס? — זאָג איך, — גע׳לקח׳נט?

— איך בין טויט הונגעריק, — זאָגט ער צו מיר שטי־לערהייט און ער עסט דעם קוילעטש מיט די אויגן, — פון גאַנץ פרי אָן נאָך אין מויל נישט געהאַט.

דער גאַנצער עולם איז פאַרטיפט אין דער „שפּיל", גיי איך צו פּאַוואָלינקע צום טיש, פאַרלייג די הענט אַהינטער, שלעפּ אַוועק אַ שטיק קוילעטש און רוק דאָס אים אַריין אין האַנט אַריין. יוסף הצדיק לאָזט אַראָפּ קונציק דאָס שטיקל קוילעטש אין קעשענע אַריין און טוט מיר אַ קוועטש ביי דער האַנט.

— ביסט אַ וואויל אינגל, געבן זאָל דיר גאָט אַלדעס־גוטס!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

## ד.

— אפשר ווילט איר, מיר זאָלן אויך שפּילן „מכירת־יוסף?" — רופט זיך אָפּ דער קעניג אַחשורוש און טוט אויס די גילעדנע קרוין און טוט אָן אַ פּראָסטע היטל.

— גענוג, גענוג, — מאַכט דער זיידע און ער גיט דעם קעניג אַחשורוש אין האַנט אַריין אַ זילבערנע מטבע, און הייסט תנחום דעם משרת, ער זאָל נעמען דעם בעזים און אויסראַמען די בלאָטע, וואָס די „קאָמעדיאַנטשיקעס" האָבן אָנגעמאַכט... אין שטוב ווערט אַ שטיקל בהלה, אַ רוקעריי מיט די בענקלאַך, און בשעת די משפּחה האַלט אין אויסזעצן זיך צוריק אויף די ערטער, כאַפּ איך מיך דערווייל אַרויס אויף אַ מינוט באַגלייטן די „חברה".

— קום, — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק, און נעמט מיך אָן ביי דער האַנט, —פאָלג מיך, קום מיט מיר, איך האָב דיך ליב, ביסט אַ וואויל אינגל, זייער אַ וואוילער.

— וואוהין? — זאָג איך און דאָס האַרץ טיאָכקעט מיר.

— צום קעניג אַחשורוש, — מאַכט ער צו מיר, — מיר שפּילן שוין מער היינט ניט. מיר גייען צום קעניג אַחשורוש צו דער סעודה.

יוסף הצדיק נעמט מיך אָן ביי דער האַנט און מיר שפּאַנען איבער דער בלאָטע.

די נאַכט רוקט זיך אָן נענטער און נענטער, די בלאָטע ווערט ווייטער אַלץ טיפער, עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך האָב פליגל, עס טראָגט מיך אין דער לופטן, אָט הייב איך אָן צו פליען... שוועבן...

— איך האָב מורא — זאָג איך צו יוסף הצדיק און האַלט אים צו ביי דער האַנט.

— וואָס האָסטו מורא, נאַרעלע? — מאַכט ער צו מיר און קייט בשעת־מעשה דאָס שטיקל קוילעטש, וואָס איך האָב אים געגעבן. — דאָרט וועט זיין אַ סעודה, נאַרעלע, דאָרט וועסטו הערן ווי מיר זינגען לידער... אוי, וואָס פאַר אַ קוי־לעטש ביי אייך איז! טעם גן־עדן! צעגייט זיך אין מויל ווי אַ פּוטער! איך פאַרשטיי ניט, ווי אַזוי זעט מען פאַר זיך אַזאַ אַנטיק און מען עסט דאָס ניט?

— אַ טייערע מציאה! — זאָג איך מיט גדלות — ביי אונז עסט מען אינדערוואָכן אויך קוילעטש.

— אַלע מאָל קוילעטש? — זאָגט יוסף הצדיק, און באַ־לעקט זיך, — און פלייש?

אַלע טאָג, — זאָג איך.

— אַלע טאָג, — מאַכט ער און טוט אַ שלונג, — און איך עס פלייש נאָר איין מאָל אין וואָך, שבת. אי דאָס ניט אַלע שבת, וואָרים ניט אַלע שבת נעמט מיך אַ נגיד, און אַז גאָט העלפט מען פאַלט אריין צו אַ קבצן, עסט מען קדחת.

— וואָס הייסט מען עסט קדחת? — זאָג איך.

— קדחת עסן ווייסטו ניט? מען עסט מכות, הייסט דאָס, — גיט ער מיר צו פאַרשטיין, — ניטאָ וואָס צו עסן, עסט מען מכות. איך לעב פון דעם, וואָס מען גיט מיר. עוזר דער שמש, לעבן זאָל ער, האַלט מיך אונטער, אַמאָל מיט אַ שטיקל ברויט, אַמאָל מיט אַ קאַרטאָפליע; עוזר איז אַ טייע־

רער איד, אַ דימענדיקע נשמה! דו קאָנסט אים! דאָס איז דאָך אסתּר־המלכּה...

— וואו איז דיין טאַטע? — פרעג איך אים.

— איך האָב נישט קיין טאַטן.

— וואו איז דיין מאַמע?

— איך האָב ניט קיין מאַמע.

— דער זיידע? די באָבע?

— איך האָב נישט קיין זיידן, איך האָב נישט קיין באָבע.

— אַ פעטער? אַ מומע?

— איך האָב נישט קיין פעטער, איך האָב נישט קיין מומע.

— אַ ברודער? אַ שוועסטער?

— איך האָב נישט קיין ברודער, איך האָב נישט קיין שוועסטער, איך האָב קיינעם נישט, קיינעם נישט, איך בין אַ יתום, בין איך!

איך כאַפּ אַ קוק אויף זיין פּנים און אויף דער לבנה, און עס דאַכט זיך מיר, אַז ער און די לבנה האָבן איין קאָליר... איך רוק מיך צו צו אים נאָך נענטער און מיר לויפן נאָך דער „חברה" מיט אונזערע קליינע פיסלאַך גאַנץ געשמאַק.

ה.

— אָט דאָ זיצט דער קעניג אחשורוש, — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק און מיר לאָזן זיך אַראָפּ אַלע אין אַ קליין פינס־טער שטיבל מיט ערד באַדעקט.

— פרייהע־עטל, אַרויס פון בעטל, — רופט זיך אָן דער קעניג אחשורוש צו זיין ווייב, אַ קראַנקע אידענע, וואָס

בשעת זי הוסט, כאַפּט זי זיך מיט איין האַנט ביים קאָפּ און מיט דער אַנדערער ביים האַרצן. „חברה״ האָבן זיך אַנגעזוני-גען אַ גאַנצן טאָג מיט לידער און זיינען שוין אַזוי געוואוינט געוואָרן מיט גראַם, אַז אָן אַ גראַם איז זיי שוין שווער צו רעדן.

— די שיינע פיש זאָלט איר נעמען צום טיש, — זאָגט ממוכן, — קוילעטש האָבן מיר אַליין, אויף צו קנאַקן מיט די ציין, און דרייעקיקע המן-טאַשן, וואָס מען פאַרשפּאַרט זיך צו זיי צו וואַשן, און פלאָדן מיט פלעדלאַך, מיט פּורים׳דיקע קניידלאַך, און בראַנפן אַ פלעשל, האָט אונז געשענקט רבי הושע-העשל... מאַנדריש, בינד אויף דעם זאַק, אָט גיב איך דיר אַ קנאַק!

— איידער באַקומען אַ קנאַק אין באַק, איז גלייכער אויפבינדן דעם זאַק, — זאָגט מאַנדריש מיט אַ דריי-גאַרנדיקן גראַם און וויל אויפבינדן דאָס זעקל.

— איר האָט זיך גענומען צום עסן און דאָס געלט האָט איר פאַרגעסן! — זאָגט ווּשתי.

— ווּשתי איז ניט קיין שכור, ער ווייסט, אַז דער גראָשן איז דער עיקר! — רופט זיך אָפּ המן און אים האַלט אונ-טער אסתר-המלכה, געוויינטלאַך אויך מיט אַ גראַם.

נאָר אַז עס קומט צו דער „חלוקה״ פונם געלט, הערט מען אויף רעדן צום גראַם, מען רעדט פּראָסט, ווי אַלע מענטשן רעדן, בשעת עס האַלט ביי געלט... דעם גרעסטן חלק נעמט אַראָפּ געוויינטלאַך דער קעניג אחשורוש. דאָס איז שוין ביי זיי אַ תקנה פון יאָר צו יאָר. נאָר אַז עס קומט צו די איבע-

ריקע „חברה־לייט״, ווערט א שטיקל מחלוקת. ממוכן פרעגט א קשיא: פארוואס קומט ושתי מער פון אים? ער, ממוכן, דארף הארעווען מער פון אלעמען, שפרינגען אויף איין פוס, לופטערן די שפראך, שיטן מיט גראמען, שפארן די שיינע ווערטער; און אז עס קומט צום טיילן זיך, ווערט ושתי א מיוחס! באשר וואס איז? ער געהער זיך אן א קנעפל מיטן קעניג אחשורוש?

— לאז זיין שטיל, — צעשרייט זיך אויף אים דער קעניג אחשורוש, — דו שמייסער, דו פערדל־טרייבער. דו וואגן־שמירער, דו לייטענער דישל, דו האסט א העזה צו רעדן אנט־קעגן דעם קעניג אחשורוש?

ממוכן ווערט אנטשוויגן. פארן קעניג אחשורוש האבן אלע ארטיסטן דרך־ארץ, ווארים ער איז דער בעל־הבית. מאנדריש בורטשעט אפילו אונטער שטילערהייט, אים האלטן אונטער די אלע איבעריקע; נאר איין אסתר־המלכה לאזט ארונטער די עטלאכע מטבעות אין קעשענע אריין, זאגט דערביי א ווערטל, און „חברה״ ווערט ווידער לעבעדיק, פריילאך און מען הייבט אן ווידער רעדן צום גראם.

— ניט מער זאלן די נגידים פארמאגן אויף זייערע לייבער, וויפיל מיר וועלן ברענגען אהיים פאר אונזערע ווייבער! — זאגט ממוכן...

איך באטראכט דאס זיצונג פון דעם קעניג אחשורוש. אינמיטן שטוב א גרויסער טיש, צוגעדעקט מיט א גראבן, טונקעלן טישטוך, ביי איין זייט א ווארשטאט מיט געציג, ביי דער אנדערער זייט א הילצערן בעטל מיט א סך קישנס

כמעט ביז דער סטעליע, אַקעגן אויבן אַ טופּטשאַן. אויפן טופּ־טשאַן זיצט אַ שוואַרצער קאַטער, האַלט די לאַפּקעס אונטער זיך און דרעמלט. פון אויפן אויוון קוקן אַראָפּ עטלאַכע פּאָר שוואַרצע, קאַרע און גראָע אויגעלאַך.

— אַראָפּ ממזרים! — מאַכט צו זיי יוסף הצדיק און ווינקט צו זיי מיטן פינגער. די שוואַרצע, קאַרע, גראָע אייגעלאַך לאָזן זיך לאַנג נישט בעטן און גליטשן זיך אַראָפּ איינציקווייז פון אויפן אויוון מיט צעריסענע העמדלאַך, וואָס פאַרשטעלן דאָס לייב נאָר ביז עטוואָס נידעריקער פון פּופּיק... יוסף הצדיק ווייזט אויס, איז דאָרט אַ היימישער מענטש, וואָרים די נאַקעטע קינדערלאַך גייען צו צו אים, ווי די קליינע שעפּעלאַך, בייגן צו אים די געקרייזלטע קעפּעלאַך ער זאָל זיין גלעטן.

— איר זייט הונגעריק? — זאָגט צו זיי יוסף הצדיק, — אַט וועלן מיר באַלד עסן, מיר האָבן אייך געבראַכט אַלע גוטע זאַכן.

און ער רעכנט זיי אויס אַלע „גוטע זאַכן", וואָס מען האָט היינט געבראַכט, און די קליינע שעפּעלאַך קוקן זיך איבער, שלינגען די שליים און באַלעקן זיך. און יוסף הצדיק גלעט זיי די געקרייזלטע קעפּעלאַך, שלינגט די שליים גלייך מיט זיי און באַלעקט זיך אַזש... זיי קוקן שוין אַרויס, מען זאָל גיין צום טיש, זיך נעמען צו דער אכילה... גאָט האָט זיי געהאָלפן, דער קעניג אחשורוש נעמט זיך צום פלעשל. גיסט אָן אַ גלעזל בראַנפן און טרינקט דעם ערשטן כוס לכבוד דעם „הייליקן" יום־טוב פּורים; און מען זעצט זיך צום טיש, אַלע

פון גרויס ביז קליין, אחוץ פריידע־עטל, וואָס פאָרעט זיך ביים אויוון; און אפילו דער שווארצער קאָטער כאַפּט זיך אויף, גלייכט זיך אויס דעם רוקן מיט אַ גענעץ און גייט צום טיש און שטעלט זיך אַוועק אַנטקעגן און וואַרט, טאָמער וועט ער עפּעס נאַשן פון דער סעודה... איך און יוסף הצדיק און די נאַקעטע קינדער מיט די געקרייזלטע קעפּעלאַך זעצן זיך אויס אַלע אויף אַ לאַנג בענקל, וואָס הינקט אויף איין פוס און עס שאָקלט זיך; און מיר, קליינוואַרג, צעלאַכן זיך פון הינקנדיקן בענקל, אַזוי ווי פון דער שענסטער קאָמעדיע, און ערשט דאַן דערזעט מיך די „חברה" און וואונדערט זיך: עפּעס אַ נייער, ניט קיין קענטלאַכער פּאַרשוין!

— ווער איז דער אַגרעס? — פרעגט דער קעניג אחשורוש.

יוסף הצדיק דערציילט זיי ווער איך בין און ווי איך קום אַהער. דעם עולם איז דאָס אַפּנים שטאַרק געפעלן, מחמת איטלאַכער גייט צו, טוט מיר אַ זעץ איבער דער פּלייצע, אַ קניפּ אין בעקל און איטלאַכער זאָגט אַן אַנדער ווערטל, גע־ווײַנטלאַך צום גראַם, און די סעודה הייבט זיך אָן. פריידע־עטל טראָגט צו פונם אויוון שטאַרק געפעפערטע פיש מיט קאַרטאָפליעס, און כאָטש זיי זיינען ניט פאַרפראַוועט מיט אַלערליי געווירצן ווי ביי דעם זיידן רב מאיר, נאָר זיי ווייזן מיר אויס דווקא זייער באַ'טעמ'ט. איין חסרון נאָר, וואָס זיי זיינען פול מיט ביינדלאַך! דערפאַר עסן אָבער אַלע פון איין טעלער, און עס איז מיר דווקא שטאַרק געפעלן; איטלאַכער שטופּט דעם גאָפּל — ס'איז פריילאַך! נאָך די פיש נעמט

„חברה“ ווידער צו ביסלאַך בראַנפן און מען טרינקט לחיים, און מען ווערט לעבעדיק גאָר אויף אַנאַנדער אופן; מען שטייט אויף פונם טיש, מען נעמט זיך פאַר די הענט און מען גייט אַ טענצל, און מען זינגט אַ לידל:

וואָס מיר זיינען, זיינען מיר, אָבער אידן זיינען מיר!
וואָס מיר האָבן, האָבן מיר, אָבער צרות האָבן מיר!

— רוסקאַוואָ פעסניאָ! — צעשרייט זיך מאַנדריש אויף אַ קול, — רוסקאַוואָ פעסניאַ פאַדאַוואַי!

און „חברה“ זינגט אַ רוסיש לידל, טאַנצט און פליעסקעט מיט די הענט:

נאַדאָ זניאַט
קאַק גוליאַט!
פערעד באָגאָם
אַטוועטשאַט!
מי פיאָם, מי גוליאַיעם
ואתה מלך חי וקים!
לאָמיר אידן טרינקען לחיים
לשנה הבאה בירושלים!

— איאַ, ס׳איז ביי אונז גוט? — זאָגט מיר יוסף הצדיק, וואָס האָט איבערגעכאַפּט דעם הונגער און איז געוואָרן גאָר אַנאַנדער מענטש, און ער נעמט אַ ביסל בראַנפן, און ער גיט מיר אויך אַ ביסל בראַנפן, און שלעפּט מיך טאַנצן. איך ווייס ניט, וואָס מיט מיר איז די שמחה אַזוי גרויס, נאָר איך פיל מיך עפּעס זייער אויפגעלייגט; איך פיל, אַז ס׳איז מיר גוט, גוט אָן אַן עק! פלוצים...

ג.

**פלוצים עפנט זיך די טיר און איך דערזע דעם טאַטן מיטן** רבין רב איצע און עס ווערט מיר פינסטער. וואָס דער טאַטע האָט געקלערט, בשעת ער האָט מיך דערזען טאַנצן מיט דער „חברה" אין קאָן, ווייס איך ניט. איך האָב נאָר דערזען, אַז ער איז געבליבן שטיין צוגעקאָוועט צום אָרט, געקוקט אויף מיר, אויף דער „חברה" און אויפן רבי'ן; דער רבי האָט גע־קוקט אויף מיר, אויף דער „חברה" און אויפן טאַטן... און "חברה" האָבן געקוקט אויפן טאַטן, אויפן רבין און אויף מיר... קיינער פון אונז האָט ניט געקאָנט אויסרעדן אַ וואָרט. איז אַרויסגעטראָטן ממוכן און האָט זיך אָנגערופן מיט אַ גראַם, ווי זיין שטייגער איז:

— וואָס שטייט איר אין איינע יסורים, ס'איז דאָך היינט עפּעס פּורים? לאָמיר מאַכן אַ כוס'ע און דוקא אַ גרויסע! פאַרבייסן מיט פלאָדן, ס'האָט זיך געפונען אייער שאָדן!...

און ממוכן טראָגט אונטער דעם טאַטן אַ גלעזן בראַנפן און פאַרבייסן, דער טאַטע שטופּט אים אָפּ פון זיך אָן ווער־טער. ממוכן פאַלט ביי זיך ניט אַראָפּ און רעדט ווייטער:

— הנגיד רב אָשר ב"ר מאיר! איך געפעל אייך ניט אין שלייער! וועל איך טרינקען אַליין, ונאמר אָמן!...

און ממוכן קערט איבער דאָס גלעזל בראַנפן און זינגט אַ לידל:

וואָס מער קבצן,
מער הוליאַקע!
וואָס מער נגיד,

מער סאַבאַקע!
וואָס מער אביון,
מער ספּיוואַקע!
וואָס מער עושר,
מער סוויניאַקע...

— וואָס שווייגט איר זיי, רב אָשר'ל? — רופט זיך אָן דער רבי רב איצע און טוט אַ רעכטן שמעק טאַבאַק און אַ קנאַק צו מיט צוויי פינגער אין דער לופטן.

— איר זעט דען ניט, אַז ס'איז שיכורים? — זאָגט דער טאַטע אויסער זיך פון כעס און נעמט מיך אָן ביי דער האַנט אַזוי שטאַרק, אַז עס טוט מיר וויי און מיר גייען אַרוים אַלע דריי פונם קעניג אַחשורוש אָן אַ זייט געזונט. אין דרויסן שטעלט זיך דער טאַטע אָפּ, טוט אַ קוק אויף מיר און שענקט מיר צוויי רעכטע פּעטש.

— דאָס, — זאָגט ער, — איז ערשט אָן אויפגאַב. דיין פּסק וועסטו ערשט האָבן אינדערהיים, פונם רבין... הערט-זשע צו, רב איצע! איך גיב אייך אים איבער אויף אייערע הענט! איר זאָלט אים קאַטעווען, וויפיל עס וועט אין אים אַריין! בלוט זאָל גיין! אַזאַ בחור'ל פון כמעט דאָס נייַנטע יאָר; ער זאָל געדענקען ווי אַזוי נאָכצולויפן פורים-שפּילער, קאָמעדיאַנטשיקעס, שלעפּערס!... פאַרשטערן אַלעמען דעם יום-טוב!...

איך לאָז נישט קיין טרער, נאָר איך פיל, אַז ס'פּלאַטט מיר אַ באַק און דאָס האַרץ איז מיר שווער ווי אַ שטיין. איך קלער נישט פון דעם פּסק, וואָס איך וועל האָבן אינדערהיים

פונם רבין. מיין קאָפּ איז מיר גאָר ערגעץ אַנדערש. מיינע מחשבות זיינען גאָר דאָרטן, ביים קעניג אַחשורוש, ביי יוסף הצדיק, ביי די קליינע שעפּעלאַך מיט די געקרייזלטע קעפּע־לאַך, און אין די אויערן הערט מיר ניט אויף צו קלינגען דאָס זיסע רוסישע לידל:

נאַדאָ זניאַט
קאַק גוליאַט!
פּערעד באַגאָם
אַטוועטשאַט!
מי פּיאָם! מי גוליאַיעם!
ואתה מלך חי וקים!
לשנה הבאה בירושלים!...

שלום עליכם.



# פּורים נאָך דער סעודה



אָ ך דער פּורים'דיקער סעודה איז אַחוץ די שכנים מיט די ווייבער און קינדער, אַריינגעקומען צום זיידן אויך אַ האַלבער עולם פון דער חברה „אַהבת־אַחים“, אין וועלכער דער זיידע איז געווען גבאי. עס זיינען געקומען די בעלי־תפלות, ר' לייב און ר' אליקום, די פריערדיקע גבאים פון דער חברה, רב שמשון און רב נפתלי, עס זיינען אויך געקומען וועלוול און מענדעל־בער, די זינגערס פון דער חברה. עס איז געווען לעבעדיק ביז גאָר. די קינדער האָבן נאָך געהאַט די גראַגערס און די המן־קלאַפּערס און נישט־ווי, נישט־ווען, האָבן זיי טאַקע גענומען גראַגערן און קלאַפּן, אַז די באָבע האָט זיך אַזש אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ. איינער אַ לאַבוס האָט געהאַט אַ הילצערנעם גראַגער פון אַ נייעם מין אויסאַרבעטונג, וואָס האָט געקלאַפּערט ווי אַ האַרמאַט. די ווייבער האָבן געשמועסט וועגן זייער סעודה — קוכנס, המן־טאַשן, פּריטלאַך, איינגעמאַכטע הערינג, און וויפיל פּעטס איטלאַכע האָט געהאַט פון די הינער, וואָס זי האָט אָפּגעטאָן לכבוד פּורים.

אַ וואונדערבאַר בילד האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך דער טיש. אויף אַ גרויסער, זילבערנער טאַץ, אויבנאָן, איז געלעגן דער סעודה־קוכן; ער איז געווען באַלייגט מיט רויטע, געלע, גרינע מאַרמעלאַדעס, און, אַ שמעקנדיקער, האָט ער געהאַט אַ באַזונדערס שטאַלצן אויסזען. ווי ער

וואָלט געווען דער קעניג פון די קוכנס; ער איז געווען צע־
שניטן אין דער קווער אויף אַ סך חלקים, און פון צווישן די
שניטן האָבן אַרויסגעקוקט די ראָזשינקעס און מאַנדלען,
מיט וועלכע ער איז געווען פאַרקנעטן. דערביי איז געשטאַ־
נען אַ גרויסע שיסל מיט אויסגעזאָטענע אַרבעס, גרויסע,
געלע, רונדיקע, געקאָכטע מיט פעפער און זאַלץ; ווייטער
— טעצלאַך מיט געקאָכטע פלוימען, מיט ראָזשינקעס, מיט
וועלשענע און טערקישע ניס; שיסעלאַך מיט קרעפּלאַך,
וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן פון מיטאָג; וואָזעס מיט מאַרע־
נירטן הערינג; טעצלאַך מיט המן־טאַשן, דרייקאַנטיקע, די־
קע, ברוינע, אָנגעשטאָפּטע מיט טונקעלן, זיסן מאָן; טעלער
מיט פּאָמעראַנצן, גאַנצע און צעשניטענע, וואָס האָבן אַזוי
ווי געלאַכט מיט אַ מאַלינאָווע זאַפטיקייט; חוץ דעם זיינען
געווען צעשטעלט פאַרשיידנאַרטיקע לעקעכלאַך און טאָרט־
לאַך, וואָס דער זיידע האָט באַקומען שלח־מנות. דער הענג־
לייכטער האָט אַראָפּגעלויכטן פון סופיט מיט אַלע זיינע רער־
לאַך; אויפן טיש האָבן געברענט צוויי פּאָר מעשענע לייכ־
טער, די וואַנטערלאַך האָבן אַראָפּגעפינקלט פון דער וואַנט,
און דער טיש האָט אָנגעזאַפּט אין זיך די אַלע פלעמלאַך,
פאַרהאַלטן זיי, אָפּגעשפּיגלט זיי אין זיינע גלעזער, טעצלאַך,
לעפל און גאָפל, אַרומגערינגלט זיך, ווי מיט אַ קראַנץ פון
צויבער און באַקומען דאָס לעגענדאַרע אויסזען פון יענע
טישן, אַרום וועלכע עס זיצן און לאָזן זיך וואוילגיין די צדיקים
אין גן־עדן.

נאָכדעם ווי די באָבע האָט אַלעמען אויפגעוואַרט, יעדן

געגעבן עפּעס צו פּאַרזוכן, האָבן װעלװל און מענדל־בער, די זינגערס פון דער־חברה, גענומען זינגען דעם נײַעם „שושנת־יעקב“, װאָס זײ האָבן צוזאַמענגעשטעלט אױף פּורים. זײ האָבן אים שױן אַפילו אײנמאָל געזונגען אין דער חברה, — נאָר מיט פאַרקירצונגען; איצט האָבן זײ אים גענומען אָפּ־אַרבעטן גאַנצערהײט, לױט אַלע כּללים. דאָס איז געװען אַ װאונדערבאַרער ניגון, אַן עכט שטיקל חזנ׳ישע קונסט; װעלװל און מענדל־בער זײַנען אַמאָל געװען משוררים בײַ גרױסע חזנים און זײַנען געװען באַרימט װי זינגערס; מ׳האָט זײ שױן ניט אײנמאָל געפּרואװט אַרײַנאַרן אין אַנדערע חברות אַרײַן, נאָר זײ זײַנען געבליבן געטרײַ דער חברה „אהבת־אחים“. דער נײַער „שושנת יעקב“ האָט אַלעמען באַצױבערט; ער האָט געהאַט זעלטענע דרײדלאַך, אַ װײַלע האָט װעלװל געזונגען אַלײן, דערנאָך איז אים מענדל־בער אַרײַנגעפאַלן אין דער מיט, דערנאָך האָבן זײ אײנער דעם אַנדערן איבערגעװאָרפן מיט טענער, אַזױ װי מיט ניס. באַ־זונדערס קונציק איז געװען דער „אָרור המן“ און „ברוך מרדכי“. װעלװל האָט אַ פרעג געטאָן: „אָרור?“ און מענדל־בער האָט געענטפערט מיט טריאומף: „המן!“ דערנאָך האָבן זיך די פראַגן און ענטפערס געשיט אײנס נאָך דעם אַנדערן, געשװינט און געשװינטער, אַזױ, אַז ס׳האָט זיך אױסגע־פלאָכטן אַ גאַנצע קײט פון המנס. דערנאָך האָט װעלװל שטיל װײַטער געברומט דעם אָרור און װעלװל האָט שױן אױף אַ העכערער אָקטאַװע גענומען דעם ברוך מרדכי; זײ האָבן זיך אַזױ װי געריצט אײנער מיט דעם אַנדערן, ביז דער

ברוך מרדכי האָט ענדלאַך געזיגט, און ביידע צוזאַמען, וועלוול מיט מענדל־בערן, האָבן אים געזונגען אויף אַ קול, אַז ס׳האָט אַזש געשאָלט. דאָס אייגענע איז געווען ביי ארורה זרש און ברוכה אסתר. אַלע זיינען געזעסן מיט אָפענע מיילער און גלאַנציקע אויגן: חיים׳ל, דעם זיידנס אייניקל, האָט טיילמאָל אויך אונטערגעהאָלפן מיט זיין דין קוויטשנדיק סאָפּראַנדל; אויך דער זיידע, כאָטש ער איז קיין זינגער נישט געווען, דאָך האָט ער ביי טייל שטעלן אויך אַריינגע־וואָרפן זיינס אַ ברומענדיקן טאָן.

נאָר דער „שושנת־יעקב“ האָט ניט געקאָנט פאַרענדיקט ווערן, וואָרים אינמיטן דערינען זיינען אָנגעקומען פּורים־שפּילער. די ערשטע פּאַרטיע האָט געשפּילט „עקדת־יצחק“. אברהם־אָבינו, אַ קליין אידל מיט אַ פלאַקסענער באָרד ביז צו דער קני, האָט גענומען זיין זון יצחק אין אַ מאַסקע מיט אַ רויטער נאָז, אַנידערגעלייגט אים אויף אַ שטול, אַ מאַך גע־טאָן אים מיט דער האַנט איבערן האַלז און אים געשאָכטן. דערנאָך האָט זיך יצחק אויפגעשטעלט און, אַ געשאָכטענער, גענומען זינגען אַ פּורים־לידל.

— שוין, שוין, ס׳וועט שוין גענוג זיין! — האָט דער זיידע געזאָגט, ווען דאָס לידל האָט געדויערט צו לאַנג — שרה־יענטע, כ׳בין שוין מוחל, פּאַרטיק זיין שוין אָפּ!

די באָבע האָט געגעבן אברהם אָבינו׳ן אַ שטיק סעודה־קוכן און יצחק׳ן, דעם קלענערן, אַ לעקאַכל. צוגעגעבן זיי נאָך אַ פּאָר גראָשן, און זיי זיינען ביידע אַוועקגעגאַנגען מיט אַ הויכן: אַ גוטן פּורים! אַ גוטן פּורים!

דערנאָך זיינען אָנגעקומען די שפּילערס, וואָס האַנדלען מיט טרפה'נע סחורה. כ'איז אַריינגעקומען אַ איד מיט אַ יונג פּנים'ל און אַן אַלטער באָרד, מיט אַ פולן זאַק אויף די פּלייצעס, אַרומגעקוקט זיך מיט צעשראָקענע אויגן און זיך באַהאַלטן צווישן דעם קופערט און דעם קליידער-שאַנד. נאָך אים איז אַריינגעקומען אַ סטראַזשניק, מיט אַ היטל, אויס-געאַרבעט פון שוואַרצן גלאַנץ-פּאַפּיר, מיט פּאַגאָנעס אויף די פּלייצעס, און הויך אויסגערופן:

— האָט איר ניט געזען דעם איד, וואָס האַנדלט מיט טרפה'נער סחורה?

דער עולם האָט זיך איבערגעוואָרפן מיט בליקן און שטיל געשוויגן. נאָר דער סטראַזשניק האָט גענומען זוכן און האָט ענדלאַך געפונען דעם אומגליקלאַכן איד. ער האָט אים אָנגענומען ביים קאָלנער און אַרויסגעפירט אין מיטן שטוב אַריין.

— אַטקודיוואַ? — האָט ער שטרענג אַ פרעג געטאָן.

— ז'בערדיטשעווא... — האָט דער איד געענטפערט, ציטערנדיק פון שרעק.

— פּאַספּאָרט מאַש? — האָט געפרעגט דער סטראַזש-ניק.

— אידן רחמנים... — האָט זיך געווענדט דער איד צו אַלע אַרומיקע, — האָט רחמנות אויף אַן אומגליקלאַכן אידן, האָט רחמנות, חודש'ט אָפּ מיט אים, כ'האָב אַ ווייב מיט קינדער...

נאָר דאָ האָט זיך איין אידענע געגומען שושקען מיט דער באָבען.

— איר דערקענט גאָרניט, שרה-יענטע, ווער דאָס איז?... ס'איז דאָך פּערל-לאַהס, אויף מיין וואָרט, ווי פּערל-לאַהס... קוקט אים נאָר גוט אָן...

פלוצלינג האָט זיך די טיר אויפגעפּראַלט, ס'האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פון אַ גלאָק, און ס'איז אַריינגעקומען אַ בערן-טרייבער מיט אַ בער! אַלע קינדער האָבן זיך צע-קוויטשעט און זיך באַהאַלטן אונטער די מאַמעס. דער בער איז געווען אַן אמת'ער בער. ער איז געקראָכן אויף אַלע פיר, דער קערפּער און דער קאָפּ זיינען געווען באַדעקט מיט שוואַרצער פעל. ער האָט געהאַלטן אַלץ אין איין ברומען און כאַרכלען, געוואָרפן מיטן קאָפּ אויף אַלע זייטן. און פלוצלינג האָט ער געגעבן אַ שפּרונג צו צום טיש, אַראָפּגעכאַפּט אַ טאָרט און מיט זיין אומגעשיקטער בערן-לאַפּע אומגעדרייט דאָס טעלערל מיט געקאָכטע פלוימען.

— פּאַרטיק זיי אָפּ! פּאַרטיק זיי אָפּ! — האָט זיך אויך דער זיידע אויפגעשטעלט פונם אָרט.

נאָר מיטן בער איז נישט אַזוי לייכט געווען דורכצוקו-מען. זעענדיק, אַז די באָבע דערלאַנגט דעם בערן-טרייבער ניט מער ווי אַ זעקסער, האָט דער בער ווידער אַ כאַרכל גע-טאָן, אַ שפּרונג געטאָן אויפן טיש אַרויף און אַראָפּגעכאַפּט מיט זיין שווערער לאַפּע אַ שטיק סעודה-קוכן. די קינדער האָבן זיך אויפסניי צעקוויטשעט, און אַ האַלבער עולם האָט זיך אויפגעכאַפּט פון די ערטער מיט אַ געשריי. ערשט, אַז

מען האָט זיי דערלייגט נאָך אַ פּאָר מטבעות און זיי אויך צוגעגעבן אַ פּאָר פּריטלאָך, זיינען זיי אַוועק כאָרכלענדיק און קלינגענדיק מיטן גלאָק.

שפּעטער האָבן אפילו מענדל-בער און וועלוול געפּרואווט נאָכאַמאָל איבערזינגען דעם „שושנת יעקב", נאָר זיי האָבן ווידער געמוזט אויפהערן אינמיטן, וואָרים ס'איז אָנגעקומען די פּאַרטיע, וואָס שפּילט „מכירת-יוסף". צוזאַמען מיט די שפּילערס איז אויך אָנגעקומען אַ האַלבע שטאָט קינדער, אַזוי אַז דעם זיידנס שטוב האָט זיך געבראָכן און איז שיִער ניט איבערגעדרייט געוואָרן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף.

דערנאָך, אַז אַלע זיינען שוין געווען אַהיימגעגאַנגען, האָט זיך חיימ'ל לאַנג אַרומגעדרייט אַרום דער באָבען און זי נישט אָפּגעלאָזט.

— באָבע, אַ בער האָט אַ טאַטן?...

— גיי, נאַרעלע, דאָס איז דאָך אַ מענטש! — האָט אים די באָבע אויסגעלאַכט.

— אַ מענטש? — חיימ'ל האָט עפּעס נישט געגלויבט — און פאַרוואָס קריכט עס אויף דר'ערד?

— ווייל ס'איז אַ בער! — האָט די באָבע געענטפערט.

חיימ'ל האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן און האָט גאָר־נישט פאַרשטאַנען. דערנאָך האָט זיך אים אַ גאַנצע נאַכט געחלומ'ט וועגן בערן, לייבן, פוקסן און פאַרשידענע אַנדע־רע חיות.

ח. ל. זשיטניצקי.

# ווערטערביכל

**דא קומט אריין א פארצייכעניש פון די סאמע שווערסטע ווערטער און אויסדרוקן פון זעקסטן לייענבוך. די פארטייטשונגען באציען זיך אויפ'ן שייכות פון ווארט אין זאץ.**

---

## א.

**אבות** — אורעלטערן.
**אביונים** — ארימעלייט.
**אגרעס** — א נייער מענטש, גרינער.
**אהבת-אחים** — נאמען פון א חברה (ברידער ליבע).
**אורח**— פרעמדער, גאסט.
**אטקודיווא**—פון וואנען קומסטו?
**איבערגיצעווען** — איבערארבעטן.
**איכה** — ווי אזוי (א קלאג-ליד וועגן חורבן).
**אכילה** — דאס עסן.
**אכסניה** — האטעל.
**אנגעדראלן** — אנגעשוואלן.
**אנטיקמארענעם** — זייער אלט.
**אסיענדיק** — הערבסט, אנהייב ווינטער.
**אסיפה** — פארזאמלונג.
**אקדמות** — טייל פון די שבועות־דיקע תפילות.
**אקאזא** — אוועק, דו ציג!
**ארבע-כוסות** — פיר כוסות.
**ארבע-כנפות'ל** — א קליינער טלית־קטן.
**ארענע** — דער פלאץ וואו ס'ווערן דורכגעפירט וועט־קאמפן.
**ארור המן** — פארשאלטן זאל זיין המן.
**אשה** — פרוי.
**אשת-חיל** — א בראווע פרוי.

## ב.

**בפני קהל ועדה** — פאר אלעמען אין די אויגן.
**בפרהסיא** — אלע זאלן זען.
**ברוך אתה** — געבענטשט ביסטו.
**ברוך מרדכי** — געבענטשט זאל זיין מרדכי.
**בריה נפלאה** — זייער פיאיק, געשיקט.
**ברירה** — אויסוואל.
**באטיקלאך** — שטיוול.
**בהלה** — א געלאף, טומל.
**בודק חמץ זיין** — רייניקן דעם חמץ.
**בונטעווען** — אנרייצן, אנטק[illegible] שטעלן זיך.
**בורא** — באשעפער.
**בורקעס** — שטיוול.
**בזה הלשון** — אין אזא שפראך.
**בחורילא** — א פראסטער יונג:

בחצוצרות וקול שופר — מיט טרומפייטן און מיט קלאנגען פון שופר.
בידיעה — וויסנדיק.
בלא חרטה ובלא דרײ — אן חרטה און אן דריי.
בעל דברן — א רעדנער.
בעל טאקסע — דער וואס מאנט אויף די שטייערן.
בעלי-דעה — די וואס זאגן א דעה.
בערעלאך — שטעכעלאך.

### ג.

גאניק — א באלקאן פון א הויז.
גארדינען — פארהאנגען.
גארניטור — אן אנצוג.
גדלות — גרויסקייט.
גובערנאנטקע — אויפפאסערן.
גובר זיין — בייקומען.
גיפס — פלאסטער.
גם אתם — איר אויך.
געווירצן — (ענגל. ספייסעס).
גנ׳נתנ׳ט — נעגעבן.
געפעדערט — זיך צוגעאיילט.
גריוונע — צען רוסישע קאפיקעס.

### ד.

דא דאמא — אהיים!
דהיינו — וואס אזוינס.
דיינים — רעליגיעזע ריכטער.
דם-שונא — א בלוטיקער פיינט.
דריבנע — שיטער.
דרייגארנדיק — דרייפאכיק, דריי מאל.
דרעלעווען — אנשמייסן.
דבר-מצות — א הייליקע זאך.

### ה.

האנטפאס, האנטוואש — א פעסעלע וואסער, וואס הענגט אויפן וואנט אין שול צו וואשן די הענט.
הוליאקע — לוסטיקער חברהמאן.
הירזש — (ענגל. מילעט).
המצאה — א פארטל, א מיטל.
הנרות הללו שאנו מדליקין — די ליכט וואס מיר צינדן אן.
הסב-בעט — דאס בעט אויף וועלכן דער פאטער זיצט ביים סדר.
הקדש — וואוין־ארט פאר ארימע.
הקפות — דער מארש מיט די ספרי־תורות אין שול.
השתא עבדי — היינט זיינען מיר קנעכט.
התפעלות — פארוואונדערונג.

### ו.

וואדקי — בראנפן.
וואכערניק — א פראצענטניק.
וואן! — אוועק!
והוא רחום יכפר עון — ער איז בארמהארציק און איז מוחל זינד.
והראיה — א סימן האסטו.
וויטרינעס—אויסשטעל־פענסטער פון געשעפטן.
וכדומה — און דאס גלייכן.

## ז.

זאטשעם — פארוואס.

זה חליפתי, א. אז. וו. — דאס איז אן אומבייט, אן אויסטויש, א כפרה פאר מיר, די תפילה וואס מ'זאגט ביים שלאגן כפרות.

זולל-וסובא'ניק — א פרעסער.

זעניק — סעניק, זאק מיט שטרוי.

זכרים — מענער.

זשידקי טוטעקא — אידן זיינען דא.

זשיד כאלאמיד — א זידל ווארט אויף אידן: דער איד מיט דער לאנגער קאפאטע.

זשילעט — וועסטל.

זמירות — רעליגיעזע לידער.

## ח.

חברה-תהילים — א גרופע וואס זאגט תהילים צוזאמען.

חורבה — איינגעפאלענע געביידע.

חיות רעות — ווילדע חיות.

חזקה — איינפירונג, טראדיציע.

חילות — סאלדאטן, ארמייען.

חלוקה — איינטיילונג.

חצי-פויגל — א האלבער רובל.

חשובים — וויכטיקע מענטשן.

חול-המועד — די וואכעדיקע טעג צווישן די ערשטע און צווייטע טעג יום־טוב.

חרטומים — די שווארץ־קינסטלער, קונצמאכער.

## ט.

טאמביקענע — אזא מעטאל.

טאראקאנעס — (ענגל. קאקראוטש).

טולופלאך — ווינטער מאנטלען.

טכויר — (ענגל. פאולקעט).

טשאקנדיק — לעבעדיק.

## י.

יאטל — א לעבעדיקער יונג, חברה־מאן.

יארגעלעס — א ריז.

יארמולקע — א קאפל.

יוצא זיין — זיך צופרידנשטעלן.

יללות — געוואלדן.

ימח-שמוניק — א זינדיקער, צעלאזענער.

יקרות — טייער.

ירא-שמים — א פרומער.

ישוב הדעת — איבערלייגונג.

יום-הדין — דער טאג פון משפט.

יומם השמש לא יככה וירח בלילה — די זון פון טאג וועט ניט פארלאשן ווערן און די לבנה וועט שיינען ביינאכט.

## כ.

כאלאט — א לאנגער מאנטל.

כאלעווע — אויבערשטער טייל פון שטיוול.

כריניק — א גלעזערנע כלי וואו מ'האלט איינגעמאכטס, א. א. וו.

כרעמזלאך — פסח'דיקע געבאקענע קיכלאך, אדער לאטקעס.

כאליאסטרע — קאמפאניע, חברה.

## כ.

**כהרף עין** — אין א סעקונדע.
**כורעים פאלן** — זיך בוקן.
**כל נדרי** — אלע צוזאגן (אנהייב פון א תפילה יום־כפור נאכט).
**כל ישראל** — אלע אידן.
**כלא היה** — ווי ס'וואלט ניט געווען.
**כלב** — הונט.
**כלי קודש** — די אנגעשטעלטע אין א שול.
**כמה וכמה יארן** — אזוי פיל יארן.
**כף הקלע** — עק וועלט, אפגרונט.
**כרת־יארן** — אפגעשניטענע יארן.
**כתות** — חברות, גרופעס.
**כל־טוב** — אלדאס גוטס.

## ל.

**לא יצלח** — א שלימזל, אומגליקלאכער.
**לאבום** — צעלאזענער, ווילדער.
**לאפעטע** — א רידל צו שארן ערד, קוילן, א. אז. וו.
**לגאטעס** — אויסנאמען, פריווילעגיעס.
**להדליק נר של חנוכה** — אנצוצינדן דאס ליכט פון חנוכה.
**ליל שימורים** — די נאכט פון באוואכונג (ערשטע נאכט פסח).
**למאי** — נאכוואס.
**לשנה הבאה בני חורין** — איבעראיאר זאלן מיר זיין פריי.
**לשנה טובה תכתבו** — איר זאלט האבן א גוט יאר.
**לויתן** — דער גרויסער פיש וואס רינגלט ארום די וועלט.
**למען השם** — אומבארינגט, באשטימט.

## מ.

**מאנאפאל** — די רעכט וואס די רעגירונג גיט איינעם צו האנדלען מיט א געוויסער זאך, און ניט אנדערע.
**מבולבל** — צעמישט, צערודערט.
**מהיכי תיתי** — פארוואס ניט.
**מודה אני** — איך דאנק דיר (אנהייב פון א תפילה אינדערפרי).
**מוסף** — די לעצטע תפילה שבת, יום־טוב.
**מוצאי יום־כפור** — יום כיפור אויף דער נאכט.
**מזכיר נשמות זיין** — דערמאנען די נעמען פון די געשטארבענע.
**מחדש זיין** — באנייען, באגריסן.
**מחילה** — פארגעבונג.
**מחשבות** — געדאנקען.
**מטבעות** — געלט־שטיקער.
**מי יודע** — ווער ווייס.
**מיירע** — א מאס וואס ווערט גענוצט ביים קנעטן טייג אויף מצות.
**מיתה משונה** — א ניט־געוויינלאכן טויט.
**מכירת יוסף** — דאס פארקויפן יוספ'ן (א שפיל ווי די ברידער פארקויפן יוספ'ן).
**מלקות** — די שמיץ, וואס אידן

נעמען אויף זיך ערב יום־כיפור, ווי א שטראף פאר זייערע זינד.

**מן השמים** — פון הימל, פון גאט.

**מעביר זיין די סדרה** — איבער־לייענען די סדרה פון דער וואך.

**מעות חיטין** — געלט צו קויפן ווייץ, וואס מ׳גיט ארימעלייט פאר פסח צו קויפן מצות.

**מעשה־שטן** — אן ארבעט ווי פון טייוול.

**מפטיר** — דאס לעצטע שטיק, וואס ווערט געלייענט פון דער תורה שבת אין שול.

**מרה שחורה** — אומעט, טרויעריקייט.

**מרחץ** — באד.

**משניות** — א טייל פון תלמוד.

**מששת ימי בראשית** — פון אנפאנג וועלט־באשאפונג.

**משוררים** — זינגער, דעם חזנ׳ס מיטהעלפער.

**משרת** — באדינער.

**משמש זיין** — באדינען.

**מתנת בשר ודם** — א מתנה פון א מענטשן.

**מתיר זיין** — באפרייען פון א נדר, צוזאג.

## נ.

**נאדא זביאט, א. אז. וו.** — מען דארף וויסן, ווי צו הוליען; ווי תפילה צו טאן צו גאט; מיר טרינקען, מיר הוליען; און דו ביסט אן אייביקער גאט; איבער א יאר זאלן מיר זיין אין ירושלים

**נדר** — צוזאג, שבועה.

**נאטשא טאבי וואדקי** — צו וואס דארפסטו בראנפן.

**נוסח** — פארם, אופן.

**ניאנטשען** — האדעווען, צערטלען.

**נעילה** — די לעצטע תפילה יום־כיפור פארנאכט.

**נתפעל ווערן** — באגייסטערט ווערן.

## ס.

**סאבאקע** — הונט.

**סאליע** — זאל.

**סאנטא מאריא** — הייליקע מאריע.

**סברות** — מיינונגען, אויסגעטראכטע זאכן.

**סוויניאקע** — חזיר.

**סטאטשיקעס** — ליכט.

**סטעארין** — (ענגל. פאראפין).

**סטעליע** — באלקן.

**סטראזשניק** — פאליציימאן.

**סידעליעס** — די ערטער וואו די הינער זעצן זיך צו שלאפן.

**סליחות** — די ספעציעלע תפילות, וואס מ׳הייבט אן זאגן פאר ראש־השנה.

**סערמיעגע** — א לייוונטענער מאנטל.

ספירה-טעג — די ציילונג טעג (פון פסח ביז שבועות).
ספראַנטשיק — דאָס זענקל פון פאסיק.
ספיוואַקע — זינגער.
סאַפּען — שווער אָטעמען.

## ע.

עבדים היינו — קנעכט זיינען מיר געווען.
עגונות — פרויען וועמען די מע־נער האָבן פארלאָזט.
עגמת-נפש — פארדרוס, הארצ־ווייטיק.
עד-היום — ביז היינט.
עוזר דלים, הושיעה נא — דו, וואָס העלפסט אָרימע, העלף אונז!
עול — שווערקייט, יאָך.
עולם-הבא — יענע וועלט.
עזות-פנים — איינער וואָס רעדט בכיוון אנטקעגן.
עזרת-נשים — טייל פון שול, וואו פרויען דאַווענען.
עין-יעקב — נאָמען פון בוך וואו ס'געפינען זיך די אגדות פון תלמוד.
עקדת-יצחק — די אויפאָפּפערונג פון יצחק'ן.
עת-צרה — שלעכטע צייטן.
עוקר-הרים — דער וואָס צעשמע־טערט בערג (אַ מין טיטול).

עמוד — דער סטענדער ביי וועלכן דער חזן, אָדער אַן אַנדערער דאַ־וונט.
עשרת ימי תשובה — די צען טעג פון חרטה, פון בעטן (פון ראש השנה ביז יום־כיפור).

## פּ.

פּאַבריקעוועז — ארומלויפן, וויל־דעווען.
פּאַגאַנעס — צייכנס, עפּאָלעטן.
פּאַדעשווע — די זויל פון אַ שוך.
פּאַמעניצע — שיסל פאר שמוציק וואַסער.
פּאַלומעסיק — אַ לאַנגער, שמאַ־לער טעלער.
פּאַראַנדקעס — אָרדענונג.
פּדיון — פּארמעגנס, איינקונפט.
פּוד — 40 פונט.
פּוסטע-פּאַסניק — ארומשלע־פּער, ליידיקגייער.
פּיאַטעס — די קלעצלאך פון שיך.
פּיטאַקל — פינף קאָפּיקעס.
פּראָסטאַרנע — פּשוט, איינפאַך.
פּנים אל פּנים — איינער אַנט־קעגן צווייטן.
פּראַטש — ברעטל אויסצוקלאַפּן וועש.
פּרק — אַ זאַמלונג פון עצות און רעגעלן ווי צו לעבן, ארויסגע־נומען פון תלמוד.
פּאַמעטש — אַ נעהילף.

פ.

פאַלבאַם — די עקסטרע אונטער־געלייגטע שטיקלאַך סחורה אי קליידער.
פּאַסאַלקעלע — בעבל.
פלעקלאַך — שטיפטלאַך, נענעלאַך פאַר שיך.

צ.

צאינה-וראינה (צענע אורענע) — נייט אַרוים און זעט (אַן אַמאָליקע פאַרטייטשונג פון חומש פאַר פרויען).
צהלה ושמחה — לוסטיק און פריילאַך.
צורה — אויסזען, געזיכט.
ציצערוציקל — קליינטשיקער.
צלם אלקים — דער צייכן פון גאָט (וואָס דער מענטש טראָגט אויפ'ן פנים).
צעטרענצלען — פאַרשווענדן, פּטר'ן.

ק.

קעלישקל — גלעזל.
קעבסווייבער — די הויפּט פרויען.
קראַגן — קאַלנער.
קראַקוועס — שטיינערנע דעקלאַך מיט וועלכע מ'דעקט צו א דאַך.
קרבן-מנחה — א סדור איבער־זעצט אין אידיש פאַר פרויען.
קרוע-בלוע — אפּגעריסן און אפּ־געשליסן.
קריאת-שמע — (קרישמע) א סאַרט געבעט פאַרן שלאָפן.
קרן — דאָס אריינגעלייגטע געלט אין א געשעפט.
קערה — א טעלער אין וועלכן אידן וואַרפן אריין נדבות ערב יום־כפור אין שול.

ר.

ראַזשיקל — א קעסטעלע אין וועלכן מ'האלט טאַביק.
ראשית-חכמה — די ערשטע זאַך.
רבותי — מיינע הארן.
רוגזה — צאָרן.
רוסקאַוואַ פעסניאַ פּאַדאַוואַי! — א רוסיש לידל אהער!
רצון — ווילן, פאַרלאַנג.
רשות — ערלויבעניש.
רשות-הרבים — א פלאַץ וואָס געהערט אלעמען.

ש.

שאַק — זעכציק.
שבת הגדול — דער גרויסער שבת, דער שבת פאַר פסח.
שהחיינו — וואָס האָט אונז גע־לאָזט דערלעבן (די ברכה וואָס מ'מאַכט איבער נייע פּרוכט).
שולחן — דער טיש אויף דער בימה אין שול.
שולחן ערוך — נעגרייטער טיש

(א בוך וואס אנטהאלט אידישע דינים און מנהגים).
**שונאי-ישראל** — פיינט פון די אידן.
**שונאי-ציון** — פיינט פון ציון, אויך אידן.
**שור-הבור** — דער ווילדער אקס (וואס די פרומע וועלן עסן, ווען משיח וועט קומען).
**שושנת-יעקב** — יעקבס ליליע (א ליד וואס ווערט געזונגען פורים).
**שחרית** — דאס מארגן־געבעט, דאס ערשטע דאווענען.
**שטעל** — א פלאץ אין א מארק, וואו מ׳האלט סחורה.
**שליטה-האבן** — הערשן איבער עמיצן.
**שלישי** — דער וואס ווערט אויפ־גערופן דער דריטער ביים לייע־נען די תורה אין שול.
**שמות** — די ארויסגעפאלענע בלע־טער פון ספרים.
**שמונה-עשרה** — אכצן (א תפילה וואס באשטייט פון אכצן ברכות).
**שמעו נא** — הערט נאר.
**שנעקעס** — קליינע קינדער.
**שפרייז-העלצל** — א הילצערן שטייגל.
**שקראבקעס** — אלטע מטבעות.
**שתדלנים** — די וואס שטעלן זיך איין פאר אנדערע.

## ת.

**תיקון-שבועות** — א טייל פון דער תורה וואס ווערט געזאגט שבועות נאכט.
**תחינה** — א געבעט.
**תל-עולם** — גרויסער חורבן.
**תמימות׳דיק** — פראסט, אן קונצן.
**תפילה-זכה** — א ריין געבעט (א תפילה וואס מ׳זאגט ערב יום־כיפור אויף דער נאכט).
**תפיסה** — געפענגעניש.
**תקנה** — נוצונג, פירונג.
**תשובה טאן** — ווערן בעסער, בעטן.
**תשליך** — דו זאלסט ארייננווארפן (א תפילה וואס מ׳זאגט דעם ערשטן טאג ראש־השנה ביים וואסער).